# ברוך שפינאזא

דאס לעבען און דיא פערפאָלגונגען פון דעם

## גרעסטען אידישען פילאָזאָף,

פערוויקעלט אין אן אנציהענדען ראָמאן

## נאך בערטהאלד אויערבאך.

---

## פון ב. גאָרין.


פערלאג פון

קאצענעלענבאגען אונד ראבינאוויטץ.

66 קאַנאל סטריט, נויאָרק.

1899.

# פאררעדע.

אין דער געשיכטע פון דער מענשהייט ווידערהאָלט זיך א טרויריגער פאקט: ווען פערפאָלגטע, גע׳רודפ׳טע, געטראָטענע בעפרייען זיך פון זייערע פערפאָלגטע, פערגעסען זיי אלע גרויזאמקייטען וואס זיי זיינען אויסגעשטאנען און ווערען אליין שרעקליכע פערפאָלגער. ווען דיא אידען זיינען אנטלאָפען פון שפאניען און האבען זיך קוים געראטעוועט מיט זייער לעבען אין האָללאנד, האבען דערפיהלט, אז דער חלף פון דער אינקוויזיציאָן איז אראָבגענומען געוואָרען פון זייער האלז און זיי זיינען פריי זאָגאר צו שפּרינגען קדוש אין דיא נאסען, האבען זיי באלד פערגעסען דיא רדיפות, דיא גרויזאמקייטען פון דער אינקוויזיציאָן און האבען אליין גענומען ברוי־כען דיעזעלבע מיטלען פון דער אינקוויזיציאָן געגען דיא יעניגע, וואס האבען גע־וואָגט צו האבען איינענעם שכל און דענקען אנדערס וויא דער רבי זאָגט.

ווען מיר לייענען איצט דיא רדיפות, וואס דער גרעסטער אידישער פילאָזאָף איז אויסגעשטאנען, ווילט זיך כמעט גאר ניט גלויבען, אז דיא פערפאָלגער זיינען געוועזן דיא אנטלאָפענע פון שפּאניען.

נאר ליידער איז דאס א פאקט. דיא פיהרער פון דער יונגער אידישער קהלה אין אמסטערדאם זיינען געוועזן אבאָאב און מאָרטעראָ, און אָבוואָהל זיי זיי־נען געוועזן פיינע לומדים, זיינען זיי אָבער געוועזן זעהר קליינינקע און האבען ווייטער פון זייער נאָז ניט געזעהן. דער איינציגער, וואס האט דעם גרויסען פילאָזאָף געקענט שיצען פון דיא נארישע פאנאטיקער, איז געוועזן מנשה בן ישראל; נאר גראדע צו יענער צייט איז ער אין אמסטערדאם ניט געוועזן, ער איז דאמאלס אוועק אין ענגלאנד, און דיא דעה־זאָגערס און פיהרער זיינען אין אמסטערדאם גע־בליבען דיא צוויי קורצזיכטיגע רבנים אבאָאב און מאָרטעראָ.

איברינענס, עס קען זיין דיא רבנים זיינען אין דעם אויך ניט זעהר שטארק שולדיג, דיא צייט, ווען ברוך שפּינאָזא איז ארויסגעטראָטען, איז געוועזן ניט קיין געלונגענע פאר פרייען דענקען. עס איז דאמאלס געוועזן א מין מגפה אויף אבער־גלויבען און פינסטערען פאנאטיזמוס; דאס איז געוועזן א געראָטענע צייט פאר חולה־נופלים, פאלשע משיחים. א פוילישער איד נפתלי בן יעקב אלחנן האט

אננעשריבען א קאבאליסטישע שטיק משוגעת, (אין יאהר 1648 געדרוקט אין אמסטערדאם) וואו איין זאץ איז ניט נעווען קיין רעכטער, וויא גרעץ זאָגט, און דאך האבען זיך אן דעם אָנגעזכאפט היא גרעסטע דייטשע און פוילישע רבנים וויא אָן א הייסען שטיין, און דאריבער איז לייכט צו פערשטעהן, וויא דער שאר־פער טהעאָלאָגישער קריטיקער און פילאָזאָף ברוך שפינאָזא האט אויף זיי געקענט קוקען און וויא זיי האבען געקענט קוקען אויף איהם.

עס איז דאריבער קיין וואונדער ניט, אז שפינאָזא מיט זיין פילאָזאָפיע איז פערדאמט געוואָרען. און פערדאמט איז ער געוואָרען ניט נאר פון אידען אליין, זאנדערן אויך פון דיא קריסטען. גאנצע הונדערט יאָהר זיינען אריבער און ער איז אין דעם שטראָם פון דענקען און פילאָזאָפי ניט אריין, קיין פלאץ און קיין לאנד האט פון איהם ניט געוואָלט וויסען.

דיא הויפט אורזאכען פאר וואס מען האט שפינאָזא׳ס פילאָזאָפי געווייכט, זיינען געווען פאָלגענדע: ערסטענס זיינען דיא אייראָפעאישע לעזער ניט גע־ווען אזוי ענטוויקעלט, אז זיי זאָלען קענען דולדען אזא „אפקורסישע" פילאָזאָפיע, וואס מאכט פון דעם גאנצען אוניווערז א נאָט, וואס שלאָגט אָב דיא בחירה ביים מענשען און דער גלייכען; און צווייטענס האט זיך דיא פילאָזאָפישע פארטיי אליין קוים געהאלטען אויף דיא פיס, זיא איז אליין ניט לאנג בעפרייט געוואָרען פון דעם הרם, אין וועלכען דיא קירכען האבען איהר געהאלטען.

שפינאָזא׳ס פילאָזאָפי איז נאר געווען פערוואָרפען, אויסגעווייכט, אבער ניט פערגעסען. איינצעלנע פערזאָנען האבען זיך מיט איהר ארומגעטראָגען און ווייטער ווער עס האט געהאט גאט אין הארצען, האט געזוכט צו מאכען פון איהר א תל.

אזוי האט אָנגעהאלטען א גאנצער יאָהרהונדערט ביז עס איז געקומען לעססינג און האט אָבגעגעבען שפינאָזא׳ן דעם פלאץ, וואס ער פערדיענט אין דער געשיכטע פון פילאָזאָפי.

לעססינג איז געשטאנען אן דער שפיצע פון דער דייטשער ליטעראטור, אָב־וואָהל עס וועט ניט זיין איבערטריבען צו זאָגען, אז ער איז דער גרינדער פון דער מאָדערנער דייטשער קולטור, און ער איז געווען דיא פאסענדע פערזאָן אָבצוגעבען שפינאָזא׳ס אנדענקען דיא גערעכטיגקייט, וואס דיא וועלט האט אזוי לאנג אָב־געצויגען.

יא, לעססינג און געטהע, צוויי דיכטער און גאר ניט פראָפעסיאָנעלע

פילאָזאָפען האבען פאר שפינאָזא׳ן געמאַכט א ווארע אין דער מאָדערנער דייטשער פילאָזאָפי און ליטעראטור און אָבגעגעבען איהם דעם בכבודיגען פלאץ, וואס ער פערנעהמט דאָרטען.

פון דייטשלאנד האט זיך שפינאָזא׳ס פילאָזאָפי פערשפרייט ווייטער און וויא בערטהאלד אויערבאַך דריקט זיך אויס צוויי יאָהר־הונדערטע האט דיא מענשהייט נייסטיג זיך גענערט מיט איהר.

שפינאָזא׳ס ציעל איז ניט געווען צו פערשקלאפען תלמידים צו זיין לעהרע, ער האט נאר געלערנט דיא מענשהייט צו דענקען זעלבסטשטענדיג און פריי, יע־דער פאר זיך אליין.

אין גרונד גענומען איז שפינאָזא׳ס לעהרע ניט קיין פעסט־געשטעלטע אויס־געארבייטע סיסטעם, נאר דיא אמתע און דויערהאפטע טריאומפפע פון פילאָזאָפי בעשטעהען ניט אין סיסטעמען זאנדערן אין אידעען. דיא פראָבע פאר לעבענדיגע אידעען איז דיא רייכקייט, וואס זיי ענטהאלטען און נאך דער מאָס שטעהט שפינאָזא צווישען דיא גרעסטע דענקער פון דער וועלט

איצט עטליכע ווערטער וועגען דער איבערזעצונג.

איך האב אָנפאנגס געהאט בדעה אָנצושרייבען אַ בילד פון שפינאָזא אין עטליכע בויגען, נאר אין מיטען האב איך זיך מישב געווען, אז א געקירצטער שפינאָזא נאך אויערבאך וועט גיכער ענטפערן מיין צוועק און וויא ווייט מעגליך האב איך זיך געזעהן האלטען ביים אָריגינאל.

ב. גאָרין.

## 1טעם קאפיטעל.

## פערפלוכט זיי, שפּאַניען!

נאך האלבער נאכט, דיא פינקעלדיגע שטערן פון דעם זיעדליכען הימעל האָ־בען געשיינט אין דער פינסטערנים פון דער סוף־חודשדיגער הייסער זומערדיגער נאכט, וויא דיא ברענענדיגע אויגען פון א ליעב־האָבער; דיא לופט איז געווען וויא פול מיט ליידענשאפט. דיא גאסען פון דער שטאדט גואדאלאיארא זיינען גע־ווען נאך בעלעבט און דא און דאָרטען האבען זיך געהערט פריילינע געשרייען און געלעכטערס.

צו דאקטאר דע עספינאָזאס הויז איז צוגעפאהרען א פאָסט־וואָגען און האָט זיך אבגעשטעלט פאר׳ן גאנעק.

— וואו פאָהרט דאָס אונזער סעניאָר (הערר) אזוי שפעט? האָט איין דיענער פרעגט דעם צווייטען.

— וויים איך? האט דער צווייטער געענטפערט פערשלאָפען. וואהרשיינליך צו א קראנקען.

— צו א קראנקען פאהרט ער ניט מיט זיין זוהן.

— מיין דאגה! האט דער צווייטער געענטפערט און א גענעץ געטאהן.

— נעכטען ביי נאכט איז דאָן עמאנועל מיט דיא יונגע צווייא סינאריטאָס אוועקגעפאהרען, און איצט פאהרט דער אלטער סעניאָר מיט דעם יונגען.

— דאן עמאנועל מיט דיא סענאָריטאָס זיינען געפאהרען צו גאָסט......

— צו־גאסט! האט איהם דער ערסטער דיענער איבערגעריסען. נאך האל־בער נאכט. צו־גאסט!

— וואס געהט עס מיר אן! וואס דארף איך ברעכען דעם קאָפּ, וואוהין זיי פאהרען?

— דוא ביזט א נאַר! האט דער ערסטער געזאגט מיט כעס.

— און דוא ביזט אן עזעל! האט דער צווייטער געענטפערט **און האָט זיך** **אין גאנצען ארויסגעשלאגען פון שלאָף.**

— ווער? איך בין אן עזעל?

אין דער מינוט האָבען זיך דערהערט טריט אין הויז און אין א פּאָר סעקונדען שפּעטער זיינען ארויסגעקומען אין פּאָרצימער דער דאָקטאָר דע עספּינאָזא און זיין זוהן דאָן אלפאָנזאָ.

ביידע דיענער האָבען זיך א וואָרף געטאָהן געשווינד און געהאָלפען זיי ארויפציהען זייערע מאנטעלן.

— איהר קענט געהן שלאָפען, האט זיך דער דאָקטאר געווענדעט צו דיא דיענער. עס קען מעגליך זיין, אז מיר זאלען זיך פערזאמען לייננער, וויא היינטיגע נאכט און מיר וועלען פערברייננען א פּאָר טעג, זאָלט איהר זיך דאָ ניט בעאונרוהיגען.

מיט דיא ווערטער האָט זיך דער דאָקטאָר געלאָזט געהן צום וואָגען, און זיין זוהן נאָך איהם.

דיא דיענער זיינען זיי נאכגעגאנגען.

— זעהט, אין הויז, זאל אלץ זיין אין אָרדנונג, לאָזט קיין פּאציענט אויף מיר ניט ווארטען, האט דער דאָקטאָר געזאָגט און האָט זיך אריינגעזעצט אין וואָגען. דער זוהן איז אריינגעשטיגען נאָך איהם.

דיא דיענער האָבען זיך פערנייגט, און דער וואָגען איז גלייך אָבגעפאָהרען.

וויא נאר דער וואָגען איז פערשוואונדען געוואָרען פון דער גאס, האָבען זיך ביידע דיענער אראָבגעכאַפּט אין וויין־הויז און האָבען דאָרטען פּאָרטגעזעצט זייער וכוח.

דאָקטאָר דע עספּינאָזא מיט זיין זוהן זיינען דיא גאנצע צייט פון זייער רייזע געוועזען שטיל און האָבען, ניט ארויסגעבראכט א וואָרט פון מויל, וויא מורא האָבענדיג, אז דער שטילער ווינטעל זאל זייער שטימע ערגעץ ניט פּארטראָגען. דיא פערד זיינען געגאנגען זעהר גיך, און ביז טאָג האָבען זייא א גרויסע שטיק וועג געמאכט.

ווען דיא ערסטע שטראהלען פון דער זון האבען זיך בעוויעזען אויפ׳ן מזרח זייט הימעל, זיינען זיי פערבליעבען אויף א קורצע צייט רוהען, ביז מען האָט פּאָר זיי געשפּאנט אנדערע פערד. דאָקטאָר דע עספּינאָזא האָט זיין זוהן ארויס־געפיהרט אין פעלד, און שטעלענדיג זיך מיט׳ן געזיכט צום מזרח זייט, מיט דיא אויגען צום בעפּארבטען אין פּורפּור הימעל, האט ער געזאגט צו איהם:

— איצט, מיין זוהן, ועסטו מיר שווערען ביי דיא ערסטע שטראהלען פון

דער אויפגעהענדער זון, אז דוא וועסט מיט דיין מאנועלא ניט חתונה האָבען, ביז זיא וועט אריינגעבראכט ווערען אונטער דיא פליגלען פון דער אידישער אמונה. און איך האָף צו דעם אלמעכטיגען, אז ער וועט אייער זיווג בענטשען און איהר וועט זיין גליקליך אין דער נייע היים, וואס מיר זוכען איצט;

— איך שווער דיר, האט דער זוהן געענטפערט.

— איך האָף, האָט דער אלטער דע עספינאזא פאָרגעזעצט, אז נאָך היינט וועלען מיר אָניאָגען אונזער פּארטיע, און גאָט וועט אונז בשלום אריבערפיהרען דעם גרעניץ, און מיר וועלען בעפרייט ווערען פון דער פערפלוכטער אינקוויזיציאָן. אונ־דאַנקבארע שפּאַניען!

מעהר האָט דער אלטער ניט גערעדט, און זיין געזיכט איז ווידער געוואָרען פערהארטעוו'עט און בייז.

ווען זיי האבען זיך אומגעקעהרט צוריק פון פעלד, האבען זיי שוין געפונען דיא פערד געשפּאנט און זיי זיינען באלד ווידער ארויסגעפאהרען.

דיא רייכע געוויקסע פון דער זיעדליכער נאטור, צווישען וועלכע זיי איז אויס־געקומען צו פאָהרען דעם גאַנצען טאָג, האָבען ארויסגערופען א ביטערן געפיהל, און א שרעקליכען קומער בייביידע רייזענדע. מיט דיעזער געבענשטער היימאט, מיט די.זען פיינעם לאנד דארפען זיי זיך זעגענען; זיי מוזען אנטלויפען פון דאנען, וויא גנבים וויא פערברעכער. און פאר וואָס? וואס פאר א פערברעכען זיינען זיי בעגאנגען? זיי ווילען האָבען א פרייען געוויסען, און האלטען זיך ביי דער אמונה, וואס איז זיי געבליעבען בירושה פון דיא עלטערן. אין דיעזען לאנד האָבען זיי זיך איינגעוואָרצעלט, דאָ זיינען דיא קברים פון זייערע אור־אור־עלטערן דאָ האָבען זיי אָבגעלעבט זייערע בעסטע יאהרען, און איצט מוזען זיי אוועקוואַרפען אלעסדינג, אנטלויפען פון דיא עשירות און זיין נאך צופריעדען אויב זיי וועט געלינגען ארי־בערכאַפּען זיך דעם גרענעץ בשלום.

דעם גאַנצען טאָג האָבען ביידע רייזענדע קיין וואָרט אויסגערעדט. ביידע זיינען געזעסען מיט בעטריעבטע זעעלען און אראָבגעלאָזטע קעפּ און האָבען געקוקט יעדער אין א בעזונדער ווינקעל.

ביי נאכט האָבען זיי אָנגעיאָגט זייער פּארטיע, וואס איז ארויסגעפאָהרען מיט א טאָג פריהער, אום ניט אויפצואוועקען מיט דעם א חשד ביי דיא איינוואוי־נער פון זייער שטאָדט. דיעזע פאָרזיכטיגקייט איז געוועזען זעהר נויטהיג, וויל דיא

אינקוויזיציאָן איז געוועזן פול, מיט וויא פיעל דער מלאך המות אויגען, און איין פאלשער טריט זיינען זיי אלע פערפאלענע.

זיי זיינען נאָך איצט אויך ניט פריי פון איהרע נעגעל, זיי האָבען נאָך זעהר פיעל שוועריגקייטען ביי צוקומען, ביז זיי וועלען דערגרייכען צום גרענעץ און אלע זיינען זעהר בעזאָרגט און מיט דיא גרעסטע פאָרזיכטיגקייט מאכען זיי זייער וועג ווייטער, אהנע דעם, זיי זאלען זיך ערלויבען א מינוט אָבצורוהען פון זייער רייזע.

וואָס ווייטער, אלץ וויניגער געפאהר.

נאָך פיעל מיה און מאטערניס איז דיא פארטיע אנגעקומען אין אָפּאָרטאָ, און זיך אָבגעשטעלט ביי אוריאל דא קאָסטאַ'ס פאָטער.

דאָ האָבען זיי אָנגעטראָפען הענריקא מענדעז. ער האָט געהאט א הויכע שטעלע ביים האָף און האָט געהאט דאס אונגליק צו פערליעבען זיך אין א קריס־טין. ער האָט פערלאָזט זיין שטעלע, האט זיך געשיידעט מיט זיין געליעבטע און איז אנטלאָפען פון מאדריד און האט אָנגעטהאָן דיא וואנדערער־קליידער, אום צו זוכען מיט א פארטיע פערוואָגעלטע ברידער א נייע היים.

זיי אלע זיינען פערבליעבען ביי דא קאָסטא ביז'ן טאָג, ווען זיי האָבען זיך ארויפגעזעצט אויפ'ן שיף.

דיא גאנצע צייט, וואס דיא מאטראָזען האָבען אַרויפגעצויגען דיא זעגלען, איז הענריקא מענדעז געשטאנען מיט'ן געזיכט צום לאנד, און זיין בליק, פינסטער וויא דיא נאכט, איז געווען צוגעשמידט צו עפּעס א פינטעל אין דער לופט. ער האָט פאר זיך קיין זאך געזעהן, ער האָט נאָר געוואוסט, אז דאָרטען, ווייט, ווייט פערבלייבט זיין געליעבטע, זיין גליק, מיט יעדער מינוט איז זיין געזיכט אלץ מעהר פערצויגען געוואָרען מיט א געדיכטערען וואָלקען און אין דיא אויגען האָט זיך אלץ מעהר און מעהר צוגליהט א פייער פון כעס.

מענדעז האָט אין דיא עטליכע טעג, וואס ער איז געשטאנען ביי דא קאָסטא און געוואַרט אויף א שיף, מיט קיינעם קיין וואָרט אויסגערעדט. זיינע פינסטערע און שטומע בליקען האָבען אלעמען געשראָקען. יעדער איז צו איהם צוגענאנגען און געוואָלט איהם זאָגען א טרייסט וואָרט, נאָר בעגעגענדיג זיין זעלטזאמען, פינסטע־רען בליק, האָט זיך יעדער איינער צוריקגעצויגען און דיא ווערטער האָבען איהם פערפעהלט. נאָר איצט, ווען דיא אידישע עמיגראנטען זיינען געשטאנען אויפ'ן דעק פון שיף און האָבען דערזעהען דאס אויפגליהענדע פייער אין זיינע אויגען, איז ביי

זיי קיין נשמה ניט געבליעבען. דאָן אַלפאָנזאָ דע עספּינאָזאַ איז געשטאַנען נעבען איהם און האט זיך פיעל מאָל צוגעקליעבען זאָגען איהם עפּעס, נאָר דיא ווערטער זיינען איהם פערשטאָרבען אין האַלז.

ענדליך האָט מען דעם אַנקער אויפגעהויבען, און אין דער מינוט, האָבען זיך ביי מענדעז דיא אויגען אָנגעגאָסען מיט בלוט, ער האָט געקריצט מיט דיא ציינער, געטופּעט מיט דיא פיס, געמאכט מיט דיא הענד, און האָט אויס־געשריען:

— פערפלוכט זיי שפּאניען, פערפלוכט אויף אייביג! גאָטעס ראכע זאל דיך טרעפען און דיין שעהנעס לאנד זאל פערוואנדעלט ווערען אין א וויסטעניס!

אלע זיינען פון איהם אָבגעטראָטען אין שרעק.

— ער וועט זיין גלות ניט אריבערטראָגען, האָט געזאָגט דאָן אַלפאָנזאָ צום פאָטער.

— ער פערליערט זיין פערשטאנד, האט דאָקטאָר דע עספּינאָזאַ געענטפערט, און דאס איז ערגער פון אלעס.

מענדעז איז באַלד געוואָרען אביסעל רוהיגער און האָט שוין מעהר קיין וואָרט ארויסגערעדט.

· דער ים איז געוועזען רוהיג, און דיא רייזע האָט פערשפּראָכען צו זיין א גוטע. דיא פּאסאזשירען האָבען זיך דערפיהלט ערלייכטערט. זיי איז ענדליך געוועזען צו בעפרייען זיך פון דער אויביגער מורא פאר דיא אינקוויזיציאָן. יעצט געלונגען זיי אָפען דער וועלט ערקלערן, אז זיי זיינען אידען. האָללאנד איז טאָלעראנט צו דיא אידישע וואנדערער, און אין אמסטערדאם האט זיך פאנאנדער געבליהט א אידישע קהלה. אמת האָללאנד איז ניט קיין לאנד וואס פליסט מיט מילך און האָניג, אבער מען קען דארטען לעבען רוהיג.

דאָקטאָר דע עספּינאָזאַ'ס געזיכט איז געוואָרען ליכטיגער, זייט זיי זיינען ארויף אויפ'ן שיף. ער האָט געפיהלט וויא א שווערער בארג האָט זיך איהם אראָפּגעקייקעלט פון דיא פּלייצעס, און האט אָבגעאָטהעמט פרייער. זייער גאנצע פאמיליע איז געווען אין סכנה. זיינער א ברודער, וואס האָט געוואוינט אין מאדריד, איז אליין פרייוויליג ארויסגעטראָטען פון דער אידישער געמיינדע און האט זיך מתודה געוועזן, אז ביז איצט איז ער געווען א געהיימער איד. און האָט געטראָגען א דאָפּעלטען מארק, דיא אינקוויזיציאָן האָט איהם פערגעבען דיא זינד, נאכהער וויא זיא האט אויף איהם ארויפגעלייגט שווערע תשובות נאר זיא האָט פון איהם

געפאָדערט ער זאל ארויסגעבען זיינע בריעדער. ער איז אויסגעשטאנען אלע יסורים און האָט קיינעם ניט אַרויסגעגעבען, אבער דיא פאמיליע איז געווען אין געפאהר, ווייל דיא אינקוויזיציאָן האט געאַקערט און געזוכט דיא פערברעכער.

איצט איז דע עספינאָזא מיט זיין פאמיליע אויסער געפאהר און ער פיהלט דיא פרייד פון איינעם, ווען דער חלף איז שוין געלעגען אויפ'ן האלז און איהם איז געלונגען צו בעפרייען זיך פון זיין תליון.

— מיר דארפען דאנקען דעם בורא, פאר וואס ער האט אונז בשלום ארויסגעפיהרט פון דער שונא'ס לאנד, האָט ער דעם גאנצען טאג גערעדט צו זיינע קינדער.

נאר איין אבענד האָט זיך דער דאָקטאר דערפיהלט זעהר שלעכט, און דיא שווערע מיטלען, וואס ער האָט גענומען ברויכען, האבען איהם ניט לייכטער גע־מאכט. פערקעהרט, מיט יעדער שטונדע האט ער זיך געפיהלט אלץ ערגער און ערגער און זיין צושטאנד איז געוואָרען קריטישער. ער האָט פערשטאנען, אז זיין לעצטע שטונדע האָט געשלאָגען, און האָט זיך געווענדעט צו אלפאָנזאָ, וועלכער געזעסען נעבען זיין בעטעל, און האָט צו איהם געזאָגט:

— איך בעט דיך, וויא יעקב האָט א מאָל געבעטען זיינע קינדער, אז איהר זאלט מיין קערפער ניט אריינוואַרפען אין קאלטען ים, נאר נעהמט מיט מיינע ביינער אין דעם לאנד, וואו גאָט וועט אייך פיהרען, ווייל איך פיהל, אז מיינע אויגען, וועלען עס שוין מעהר ניט זעהן.

דאָן אלפאָנזאָ האט איהם געזוכט צו בערוהיגען, נאר דאס איז איהם ניט געלונגען, און דאָקטאָר דע עספינאזאָ האט גערעדט ווייטער.

— איך וויים, אז מיינע מינוטען זיינען געצעהלטע. איך האָב גענאָסען פיעל פרייד און פיעל לייד אויף דער וועלט. א דאַנק גאָט פאר ביידע. זיי מוטהיג און רוף אריין דיא קינדער, אויך מאנועלא, ווייל זיא איז אויך מיין קינד. דוא וועסט מיט איהר זיין גליקליך.

דיא קינדער זיינען גלייך אריינגעקומען מיט פערוויינטע אויגען.

— וויינט ניט, האט ער זיך געווענדעט צו זיי. איך געה רוהיג אין קבר. וויסענדיג, אז איצט וועט איהר זיך ניט דארפען שרעקען פאר דיא פערפלוכטע אינקוויזיציאָן און איהר וועט קענען אָפען מתפלל זיין צו אייער גאָט. נאר אויב אויף אייך וועלען ווידער קומען פערפאָלגונגען, זאלט איהר זיי אריבערטראָגען אָהן

מורא, ווייל דיא צייט וועט קומען, ווען דאס געזעץ פון דעם איינציגען גאָט וועט אנערקענט ווערען ביי אלע פעלקער, ומלאה הארץ דעה כמים לים מכסים.

ער האָט נאָך לאנג גערעדט מיט דיא קינדער וועגען זייער צוקונפט אין דער נייער היים, און וויא זיי זאלען זיך פיהרען. עס האט געשיינט, וויא ער וואָלט ארייגעקוקט אין דער ווייטער צוקונפט, און ווען ער האָט יעדען בעזונדער צו זיך צוגערופען און געבענשט, האט זיין געזיכט געלייכט.

זיין לעצטער אטהעם איז איהם אויסגעגאנגען אין א תפילה.

דיא קינדער האָבען ביטער געוויינט, נאר מעהר פון אלע האט געוויינט מאנועלא. זיא האט ניט לאנג, ערסט מיט א פּאָר וואָכען צוריק פערלאָרען איהר איינענעם פאָטער און איהר האט איצט געדוכט, אז זיא איז צום צווייטען מאָל געוואָרען א יתומה.

דיא קינדער האָבען אין דער שטיל אויסגעליידיגט א קאסטען מיט זאכען, האָבען דעם טויטען אָנגעטאָהן דיא תכריכים, וואס זייער פערשטאָרבענע מוטער האט פאר איהם אָנגעגרייט און האבען איהם אריינגעלעגט אינעווייניג. צוקאָפּענס האָבען זיי איהם אונטערגעלעגט דאס זעקעלע ארץ ישראל־ערד, וואס ער האָט גע־קויפט פאר זיין לעבען פאר א הויכען פרייז. דיא קאסטען האָבען זיי ארונטערגע־שטעלט אין דער אונטערסטער קאיוטע, וואו עמאנועל איז איהם געבליעבען היטען.

אייף מאָרגען איז ארויסגעפאלען א געדיכטער נעבעל און צו מיטאָג צייט האט זיך דאס וועטער געענדערט און עס האָט אויסגעבראָכען איינער פון דיא שרעקליכסטע שטורעמס. אין דער צייט ווען דאָן אלפאָנזאָ און זיין ברודער עמאנועל האבען געזוכט מיט אלע קרעפטען צו בערוהיגען דיא צושראָקענע מיידלאך, איז צו זיי צוגעגאנגען דער שיפס־קאפּיטאן, און האָט זיי געהייסען מיט שטרענגע און קורצע ווערטער, אז זיי זאלען איהם ווייזען, וואו געפינט זיך דער קאסטען, אין וועלכען זיי האָבען בעהאלטען דעם טוידטען קערפּער.

— עס איז א בעוואוסטער רעגעל, אז דער ים וועט זיך ניט בערו־היגען ביז מען וועט איהם ניט אָבגעבען דיא לייבע, וואס מען פיהרט אויף א שיף, האָט ער צו זיי געזאָגט.

אלפאָנזאָ האט איהם געזוכט צו בערוהיגען, נאר ער איז דאבייא געוועזען אזוי אונפאָרזיכטיג, אז ער האָט זיך ערלויבט אָבצולאכען פון דעם אבערגלויבען. און ער האט דערפאר שיעור ניט בעצאָהלט מיט זיין לעבען, ווייל דער קאפּיטאן האָט

גלייך ארויסגעכאפט זיין שווערד, און וואָלט איהם געוויס דערשטאָכען, ווען מאַנועלאַ וואָלט זיך איהם ניט ארויפגעוואָרפען אויפ'ן ארם. אַלפאָנזאָ איז געווען ענטשלאָ־סען צו ערפילען דעם פאָטערס פעלאנג, ווען ער זאל אפילו דארפען דערפאַר בע־צאהלען מיט זיין לעבען און האָט ניט געוואָלט זאָגען, וואו דער קאסטען געפינט זיך, אבער דער יאָמער פון דיא מיידלאך האט איהם ענדליך בעוועגט זיך אונטער־צוגעבען, און אין א קורצע וויילע אַרום האָבען דיא קינדער מיט שווערע הערצער צוגעזעהן, וויא דער קאסטען, וואס האָט ענטהאלטען זייער פערשטאָרבענעם פאָטער'ס קערפּער, איז אַריינגעוואָרפען געוואָרען אין שטורמישען ים.

אלע אויפ'ן שיף זיינען געווען אין א שרעקליכע בעוועגונג, עס האט זיך אר־מעדום געהערט א יאָמער און א געשריי. נאר איינער איז געשטאַנען אונבעוועגט, וויא א זייל נעבען מאַסט פון שיף, דאס איז געווען הענריקאַ מענדעז. מיט איין האנד האָט ער זיך געהאלטען אן דעם שטריק פון מאַסט, און אין דער צווייטער האָט ער געהאלטען אן אָנגעלאָדענעם פּיסטאָלעט.

— וואָס טהוט איהר? האט זיך צו איהם געווענדעט אלפאנזא. זייט איהר פערריקט?

מענדעז האט א רחמונות'דיגען שמייכעל געטאָהן.

— איהר זעהט דעם ים? איהר זעהט? חא־חא־חא! דאס איז א גרויסער טויך־בעקען; זיי איז קארג, וואס זיי האבען אונז געוואָלט אָבטויפען אויפ'ן קאַטוי־לישען שטייגער, ווילען זיי נאָך אונז אָבטויפען אויפ'ן גריכישען. נאר כאָטשע זיי קענען צווינגען דיא עלעמענטען פון דער נאַטור, מיך אבער וועלען זיי ניט צווינגען. לעבעדיג גיב איך זיך ניט אונטער. און אויב דיא מאַסט וועט ברעכען, וועל איך זיך אריינבלאָזען א קוגעל אין הארצען. איך וויל ניט, איהר הערט?

אין דער מינוט האָט זיך דער מאַסט צו בראָכען און גלייך האט זיך דערהערט א שאָס און דאָן הענריקאַ'ס קערפּער איז ארונטער געפאלען אין וואסער אריין.

דער קויל האָט וויא געטראָפען אלע אַנדערע און א היבשע צייט איז אויפ'ן שיף געווען א טוידטע שטילקייט. אין עטליכע שטונדען ארום איז דער שטורעם גע־וואָרען שטילער און דיא רייזענדע זיינען אין גיכען אָנגעקומען אין אַנטווערפּען.

דרייסיג טאָג האָבען דיא קינדער געטרויערט נאָך זייער פאָטער'ס טוידט. אין דער־צייט האָט זיך מאַנועלאַ מגייר געווען און עס האָט פיעל ניט געדויערט און אַלפאָנזאָ האָט מיט איהר חתונה געהאָט. אין דער אידישער געמיינדע האָט

ער זיין שפּאַנישען נאָמען פערביטען אויף דעם אידישען בנימין, און זיי האָבען זיך געמאַטערט צו זיין פרומע אידען און אָבצוהיטען אלע מנהגים. דיא ערסטע צייט איז זיי דאס אָנגעקומען זעהר שווער און האָבען אויסגעפונען, אז דאס איז ניט אזוי גרינג אין דער ווירקליכקייט, וויא זיי האָבען זיך עס פאָרגעשטעלט, זייענדיג אין שפּאַניען. נאר ביסלעכווייז, ביסלעכווייז האָבען זיי זיך אריינגעצווינגען אין דעם נייען לעבען און זיינען מיט איהם געוואוינט געוואָרען.

דיא פאַמיליע דע עספּינאָזא האט זיך בעזעצט אין אמסטערדאם, און בנימין האָט זיך גענומען צו געשעפט.

דעם 24טען נאָוועמבער 1632 האט מאנועלא געבאָרען א זוהן און מען האָט איהם א נאָמען געגעבען ברוך.

## 2טעס קאַפּיטעל.

# אויפ'ן בית עולם.

פרייטאָג אין מאָנאט אפּריל, אין יאָהר 1647, איז א פּופצעהן יאָהריגער אינגעל געשטאנען אויפ'ן אמסטערדאמער בית עולם און האט נאכדענקליך זיך צוגעקוקט וויא מען האָט מקבר געווען א בר־מינן אין א פערוואָרפענעם ווינקעל נעבען פּלייט. קיינער האָט ניט געקלאָגט נאָכ'ן טויטען און דיא אנוועזענדע האָבען נערעדט רוהיג וועגען דעם פערשטאָרבענעם. דיא קברים־גרעבער האבען זיך געאיילט גיכער צו פּטר'ען דיא ארבייט, ווייל דיא זון האט שוין געהאַלטען ביים פערגעהן און שבת איז שוין געשטאנען אויפ'ן שוועל. דאס אינגעל האָט, ניט ווי־סענדיג וואָס ער טהוט, געריסען דיא יונגע בלעטלאַך, מיט וועלכע דער פּלייט איז געווען בעוואקסען

אן אונבעקאַנטער איז צו איהם צוגעקומען און האָט איהם געפרעגט אין שפּאַניש:

— יונגער פריינד, איהר זייט, שיינט מיר, דער איינציגער קרוב פון דעם פערשטאָרבענעם, איך זעה דאס אין אייער געזיכט, און איהר וועט מיר קענען זאָ־גען, ווער דער פערשטאָרבענער איז געווען, וואס מען בעגראָבט איהם עפּעס וויא א פערפּעסטעטען. איך בין א פרעמדער......

— איך בין זיינער אזא קרוב, וויא איהר, איהר קומט וואהרשיינליך פון זעהר ווייט, אויב איהר ווייסט ניט, ווער דער אונגליקליכער, פון נאָט פערלאָזענער איז ו ען, אָה, ער איז געווען א גרויסער מאַן און וואס איז זיין סוף?!

— אָה, איך בעט אייך, האט איהם איבערגעריסען דער פרעמדער, דערצעהלט מיר, ווער ער איז. איך האָב פון קיינעם ניט געקענט דערגעהן, יעדער איינער ענטפערט מיר כמעט אין דעם זעלבען נוסח.

— האָט איהר געהערט פון דער פאמיליע דא קאָסטא פון אָפּאָרטאָ?

— ווער האָט געלעבט אין שפּאניען און האָט ניט געהערט פון דיעזער יחוס'דיגער פאמיליע? האָט דער פרעמדער זיך אָנגערופען. דיא בעריהמטע ריטער האָבען געטראָגען דיעזען נאמען און דאָן מיגועל דא קאָסטא, נאָך וועמעס טוידט איז דיא גאַנצע פאמיליע דא קאָסטא פערשוואונדען געוואָרען, איז געוועזען דער בעריהמטעסטער ריטער אויף דיא טורנורען פון ליסבאָא. א מאָל איז ער געוועזען דער הייסעסטער אנהעננגער פון אונזער געהיימער געמיינדע.

— דיעזער, וואָס ווערט יעצט בעגראָבען אונטערן פּלייט, איז געוועזען זיין זוהן, האט דאס איינגעל געענטפערט. מיין פאָטער זאָגט, אז ער איז געוועזען דאס אויסגענאָסענע בילד פון זיין פאָטער. זיין נאָמען איז געוועזען גאבריעל און איז געוועזן א שפּאנישער ריטער פון קאָפּ ביז דיא פיס און איז געוועזען א וואהרער וויסענשאפטס מאן און אן אויסגעצייכענטער אדוואָקאט. זעהר פריה האָבען איהם אָנגעהויבען צו פּלאגען פראגען אין רעליגיאָן, נאר ער איז געוועזען א גוטער קאטאָליק און האָט געהאט א שטעלע ביי דער קירכע. נאר פּלוצים האט זיך אין איהם אויפגעוועקט דער אייפער צו דער רעליגיאָן פון זיינע עלטערן, און ער צוזאמען מיט דער מוטער און בריעדער האבען פערלאזען דאס לאנד, וואו אזוי פיעל אידען קניען פאַר דיא געצענ־בילדער און קוסען יענע הענד, וואס מאטערען זיי.

דאס איינגעל האט פּלוצים איבערגעהאקט זיין רעדען און האט זיך גענומען צוהערען צום געשפּרעך, וואס איז פאָרגעקומען צווישען צוויי אידען, וועלכע זיינען געשטאנען ניט ווייט פון זיי.

— זאָל מיר גאָט מוחל זיין מיינע זינד, האט געזאגט איינער. נאר איך האלט זיך ביי דאס מיינינגע, אז דער אפּיקורוס איז ניט ווערט געוועזן, אז ער זאל קומען צו קבר ישראל פרייטאג פאר נאכט, ווייל דאס וועט איהם געבען א גאנצען מעת לעת רוה. איך האב געזאגט, אז מען זאל איהם לאָזען ליעגען ביז זונטאג, ער וועט ניט פערזאמען צו בעקומען זיין שטראָף. און דער סוף וועט זיין, אז צוליעב איהם וועלען מיר מחלל שבת זיין און דער אפּיקורס וועט אונז אפילו מיט זיין טוידט בריינגען צו א זינד. חברה, פּטר'ט אב גיכער און מאכט ניט מיט איהם קיין שהיות!

— יא, יא, האט געענטפערט דער אנדערער. ער וועט זיך דאס אביסעל פערוואונדערן, ווען ער וועט דערפיהלען דעם טעם פון דיא ערסטע פייערדיגע שמיץ. דאמאלס וועט ער שוין גלויבען, אז עס איז פאראן נאך א צווייטע וועלט, וואס פאר זיין לעבען האט ער ניט געוואָלט גלויבען.

— איך בעט אייך, האט זיך דער פרעמדער אנגערופען צום אינגעל, דער־צעהלט מיר ווייטער.

— איהר האט דאך געהערט, וואס זיי ריידען דארטען, האט געענטפערט דאס אינגעל און יענער הארבאטער, וואס זידעלט איהם אזוי שטארק, האט פון איהם ערפאהרען פיעל גוטעס, ווייל זיין גוטהערציגקייט האט קיין מאָס ניט געהאט. גאבריעל האט זיך בעזעצט אין אמסטערדאם, איז געווארען א איד און האט אנ־גענומען דעם אידישען נאָמען אוריאל אקאָסטא. און עס איז געווען ריהרענד צו זעהן, וויא דיעזער גרויסער מאן האט זיך געלאזט לערנען אידיש פון א קליין אינגעל. נאר באלד האט ער אנגעהויבען אויסצוגעפינען פעהלערען אין דער אמונה און האט זיך נעשטעלט נעגען דעם ראבינאט. נאר דאס איז איהם געווען קארג, ער האט אנגעשריעבען א בוך און האָט ארויסגעזאגט אלעס, וואס ער האט גע־פונען אויסצוזעצען. און פאר דאס בוך האט מען איהם אריינגעוואָרפען אין חרם, וועלכען מען האָט פון איהם אראבגענומען נאכהער וויא ער האָט אָפען חרטה גע־האט אויף זיינע ווערטער נאך דער ווידערשפרוכס־גייסט האָט אין איהם ניט גערוהט און ער איז ווידער אָפען ארויסגעטראָטען נעגען דער גאנצער רעליגיאָן. זיעבען יאָהר האט ער אזוי געלעבט אין רייסעריי מיט'ן ראבינאט, און ווען מען האָט איהם געוואלט אריינלעגען אין גרויסען חרם, האבען איהם זיינע פריינד אי־בערגערעדט, אז ער זאל תשובה טהאן. מיין פאטער האט געזאגט, אז ווען אקאָסטא זאל דארפען ארויסטרעטען אין שלאכט פאר דיא אידישע רעליגיאן און פארלירען דאביי זיין לעבען, וואלט ער עס מיט שמחה געטהאן, נאר לעבען פאר איהר האָט ער ניט געקענט. דער סוף איז געווען, אז ער האט דאס ניט געקענט אויסהאל־טען און האט זיך גענומען דאס לעבען נאך א פערזוך צו דערשיעסען דעם פרומען רב נפתלי פערעירא וועלכער האט איהם צו גערעדט ער זאל אריבערטראגען דיא בזיונת פון דער ערנידערענדע תשובה. ......

— ברוך! האט איהם אין מיטען איבערגעריסען א הויכער אינגעל, קום אלץ איז שוין גע'פטר'ט. דער ראש ישיבה רופט אונז א היים.

— איך נעה, חסדי, האט ברוך נעענטפערט און האט זיך פערניינט פאר׳ן פרעמדען.

דיא צוויי תלמידים מיט׳ן ראש ישיבה זיינען שטילערהייט אוועק פון בית עלמין, רייסענדיג דאס גראז פון פעלד און ווארפענדיג עס אהינטער, ברוך איז ווארשיינליך געווען פול מיט זעלטזאמע פראגען, ווייל ער האט פלוצים א פרעג געטהאן.

— רבי, וואו איז אין דער הייליגער תורה פערבאטען זיך צו נעהמען דאס לעבען?

— וואס איז דאס ווידער פאר א שאלה! האט דער ראש ישיבה גענענט־פערט בייז.

נאר חסדי האט זיך מיט דעם ענטפער ניט בעגנינענט און האט געפונען פאר נויטהיג צו ענטפערן פאר׳ן רבי׳ן:

— דער זעקסטער געבאט זאגט: לא תרצח, דוא זאלסט ניט מארדען, און אזוי וויא עס שטעהט ניט, אז דוא זאלסט קיין פרעמדען ניט מארדען, איז דער־פון געדרונגען, אז וואס? אז מען טאר ניט מארדען קיין פרעמדען און זיך אליין אויך ניט.

— יא, היינט קומען דיר ווידער ארויף משונה׳דיגע שאלות אויפ׳ן קאפ, האט דער ראש ישיבה געזאגט צו ברוך.

נאר ברוך האט איהם ניט געקענט ערקלערען, וואס האט איהם בעוועגט צו פרעגען משונה׳דיגע שאלות דער פרעמדער האט איהם ארויסגעריסען פון שווע־רע געדאנקען, אין וועלכע ער איז געשטאנען פערזונקען ביים קבר פון דעם אפיקורס. איהם האט אויסגעדוכט, אזוי וויא מען האט בעגראבען זיין אייגענעם קערפער, און אזוי וויא זיין אייגענער גייסט וואנדערט ארום קלאגענדיג, איבער דער וועלט און האלט אין איין פרעגען: איז דאס דער סוף פון יעדען צווייפלער און אזוי ווערט ער פערשטויסען אין אבגרונד אריין? ווער קען בעפעהלען א פרעמדער זעעלע און אפילו זיין אייגענע, אז זיא זאל זיך האלטען ביים אלטען פארגעשריעבענעם וועג? וויא אונצערשטערבאר, וויא שטארק האט געדארפט זיין דאס דענקען פון דעם פערשטארבענעם, וואס איז איצט בעגראבען געווארען, אז ער האט צוליעב זיינע איבערציינונגען געוואלט טוידטען אן אנדערן און זיך אליין גענומען דאס לעבען? ווער האט דא א רעכט צו משפט׳ן און צו פערדאמען?

דעם פרעמדענ׳ס געדאנקען האבען איהם ארויסגעריסען פון דיעזע שווערע

גערצ:קען, און דעם ראש ישיבה'ס ווערטער האבען זיי בײ איהם ווידער ארויס־
גערופען. אין זיין מארך האט ערוואכט אן עראינערונג: מיט יאָהרען צוריק איז
ער צום ערסטען מאָל געשטאַנען אויפ'ן בית עולם צווישען דיא קברים און א
טיעפער שמערץ האָט דאמאלס אנגעפילט זיין הארץ. דאס איז געווען דאן, ווען
מען האָט בעגראָבען זיין פעטער אימאנועל. זיין פעטער איז געוועזן א שטענדיגער
קראנקער און ניט קענענדיג פערלאזען דיא שטוב, האט ער זיך פיעל אבגעגעבען
מיט דיא קינדער. זיי זיינען געווען זיין איינציגער בונד מיט דער אויסיגער וועלט.
און ווען ברוך האט דאמאלס דערזעהן, וויא יעדער איינער פערלאָזט דעם בית עולם
און נעהמט זיך רוהיג צו זיין געשעפט און אין שוהל, און אין גאס, און אין דיא
הייזער געהט אלעס אן, וויא פריהער, אזוי וויא קיין זאך וואָלט דאָ פאסירט, האָט
ער א ציטער געטהאן, און איהם האָט בעאונרוהיגט דיא פראגע, וויא אזוי קען
דאס אלעס זיין, ווען דער פעטער איז שוין מעהר ניטאָ אין דער היים. שטונדען
לאַנג האט דאס קליינע איגנעל געוויינט אין דעם ליידיגען צימער פון דעם פער־
שטאָרבענעם, וואו מען האָט אויפגעעפענט אלע פענסטער, וויא אויף צו להכעיס
דעם פעטער, וועלכער האט מורא געהאט פאר קעלט. און ער האָט געשאָלטען
דיא מענשען, וואס האבען איבערגעלאָזט דעם קראנקען מאן אין דרויסען און
האָבען זיך געמאכט, וויא עס וואָלט גאָר קיין אָנקעל אויף דער וועלט ניט
ג'עווען.

דיא מוטער האָט געזוכט איהם צו בערוהיגען, און האָט איהם ערקלערט
אז דער פעטער איז שוין מעהר ניט קראנק און איז שוין מעהר ניט אליין. איצט
איז ער געזונד, און שטארק און געפינט זיך אויבען, אויפ'ן הימעל, צווישען זיינע
עלטערן און פיעלע אנדערע גוטע מענשען.

דאס איינגעל האט דאס ניט געקענט בעגרייפען און האט אלץ געשריען

— דיר איז דאס גוט צו זאגען, ווייל דוא האסט ניט געזעהן, וויא מען האָט
איהם אריינגעלעגט אין א גרוב און פערשאָטען מיט גרויסע לאָפּעטעס ערד, ווען
ער איז נעשלאָפען. ער האט זיך שוין געוויס אויפגעכאפט, און איצט קען ער שוין
מעהר ניט ארויסגעהן.

נאר ווען דיא מוטער האט איהם ערקלערט, אז נאר דער קערפער איז בע־
גראָבען, אבער דיא נשמה שטייגט אויף אין הימעל, האָט זיך דאס איינגעל בערו־
היגט נאר יעדעס מאל ווען אויף דרויסען האָט גערעגענט אדער געשטורעמט,

פלענט איהר ארויף דער גערדאנק, וויא פיהלט זיך איצט דער פעטער דאָרטען אין דער ערד?......

פון יענער צייט איז איהם שוין אויסגעקומען נאך א מאל צו שטעהן אויפ'ן בית־עולם. דאס איז געווען צו זיין מוטער'ס קבורה. און ער האט זיך בערוהיגט, ווען ער האט זיך דערמאנט אן איהרע טרייסט ווערטער, אז נאר דעם קערפער בעגראָבט מען, אבער דיא נשמה שטייגט ארויף אויפ'ן הימעל. נאר היינט וויא וויא ער איז געשטאנען ביי אקאסטא'ס בעערדיגונג, איז איהם ווידער ארויף דיא עראינערונג פון זיין פעטער'ס קבורה. דיעזער פערשטויסענער האָט קיין מאָל ניט געגלויבט אין דעם, וואס זיין מוטער האט איהם געזאגט. און יענער שמערצליכער געפיהל, וואס האט איהם געמאכט ערציטערן, אלס קינד, האט דיעזען אונגליקליכען פערפאָלגט און געפייניגט זיין גאנץ לעבען.

— וויא קומט עס, וואס קינדער און דיא יעניגע וואס שלאָגען זיך אראָב פון פרומען וועג, פרעגען דיא זעלביגע פראגען? איז דאס דערפאר ווייל קינדער ווייסען נאך ניט פון דיא עקזעסטירענדע לעהרעס און דיא אַנדערע וויכען פון זיי ניט וויסען און ווילען אליין אויסגעפינען א תירוץ אויף זייערע שאלות? ווער האט צו בעשטראפען פאר אזא אינערליכען קאמפף?

— אל תתחכם הרבה, קלעהר ניט איבער'ן שכל און קליג זיך ניט צו פיעל, ווייל דאס וועט דיר קיין גוטעס ברענגען, איז ברוך'ן איבערגעלאָפען אין קאָפּ.

און ער האט זיך בעמיהט מעהר ניט צו טראכטען דאריבער.

זיי זיינען צוגעקומען צום ראש ישיבה'ס הויז און ער האָט זיי דערמאנט, אז מאָרגען איז דער זעקסטער טאָג אין אייר. זיי האָבען זיך געשיידעט און יעדער האָט געאייכט צו זיך אהיים איבערצוטהאן זיך לכבוד שבת און צו לויפען אין שוהל.

דער ווינד פערשלעפּט פון ערגעץ א זריעה. קיין מענשענס אויג קען עס ניט בעמערקען, דיא ערד פערדעקט עס און קיינער קען ניט זעהן. וואס אינעווייניג קומט פאָר מיט'ן קערענדיל און וויא עס לאָזט ארויס וואָרצלען. פלוצים הויבט עס אן צו גרינען און מיט דער צייט וואקסט אויס אויף דעם אָרט א גרויסע, שטארקע בוים און מען פרעגט זיך מיט פערוואונדערונג, פון וואנען קומט ער אהער? וויא איז ער אזוי געוואָרען? מען האט אויף דעם קיין ענטפער ניט, ווייל א מענש קען פאסען נאר דאס, וואס איז געווארען אבער ניט דאס, וואס האלט אין ווערען. דאס זעלבע איז מיט'ן מענשען, מען זעהט וויא איינער געהט מיט'ן גראדען וועג,

פלוצים נעהמט ער זיך פון איהם אראב און מען פרעגט פערוואונדערט: ס'טייטש וויא אזוי?

3טעס קאפיטעל.

## פרייטאג צו נאַכט.

דיא הויז וואס איז געשטאנען ניט ווייט פון שוהל, און וואס האָט זיך גע־וואָרפען אין דיא אויגען מיט איהר רייכע בעפוצונג און מיט איהרע געוועלבטע פענסטער, איז היינט געווען אונגעוועהנליך בעלייכטעט און בעפוצט, דער זיעבענ־יעהריגער זילבערנער הענגלייכטער וואס איז שטענדיג געווען ארומבעהאָנגען, האט איצט בעשיינט אלעס אין צימער מיט זיינע זיעבען העלל־ברענענדע ליכט. און זיי האבען נעהאט גענוג וואס צו בעלייכטען. דיא טהייערע רייך בעצוינענע מעבעל, פון וועלכע מען האָט אראָבגענומען דיא גרויע איבערציעהערס, האט געפינקעלט מיט דיא גאָלדענע און זיידענגעשטיקטע בלומען און טהייערע שניצערייען. דער טעפפיך איז געווען אזוי שעהן, אז עס איז געווען א שאָד אויף איהם זיך צושטע־לען. און דיא ווענד האט אָבגעגלאנצט דאס גאָלדענע, זילבערנע און קריסטאָלענע געשיר, וואס איז געווען אויסגעשטעלט אין דיא שאפעס. אונטערן הענגלייכטער איז געווען געדעקט א טיש, וועלכער האָט געשיינט צו ווארטען אויף א קליינע געזעלשאפט. אנטקעגען אייווען איז געהאנגען א בילד, געמאָלט אויף א פערגעלב־טען פערגאמענט. דאס בילד האט פאָרגעשטעלט א שטאָדט, וואס מען האָט קוים געקענט אנזעהן און אונטער איהר איז געשטאנען אנגעשריעבען מיט גאָל־דערנע בוכשטאבען: למען ידעו כל העמים סביבכם כי אני בונה ומהרים נוטע ומחריב נאום ד' צבואת.

דאס איז געווען דאס בילד פון דער שטאדט ירושלים און ניט איין אויג, וואס איז שוין לאנג פערלאָשען געוואָרען, האט אויף דעם בילד געקוקט און גע־וויינט, מעהר קיין בילדער האָבען זיך ניט געפונען אין צימער, אין וועלכען דיא ווענד זיינען געווען פערפוצט מיט רייכע טאפעטען. אויף א קנאפע איז געלעגען א יונג מיידעל און האָט זיך אָבגערוהט, איהר קאָפּ איז געווען געשפּיצט אויף איהר רעכטע האנד און זיא האט זיך געשפיעלט מיט איהרע שווארצע לאָקען. זיא איז א לאנגע צייט געווען פערזונקען אין יום־טוב'דיגע געדאנקען. אויפ'ן שויס איז בייא איהר געלעגען א קליין סידור'ל, נאר וויא עס שיינט, האט זיא אן איהם נאר פערגעסען.

— דוא ביזט שוין מיעד געוואָרען מרים׳ל, האט זיך דערהערט א באָמבע־וואַטער קול און א זייטיגע טהיער האָט זיך געעפענט.

מרים איז געשווינד אויפגעשפרונגען, האט פערשארט די האָר פון שטערן, האט א קוש געטאהן דאס סידור׳ל און אוועקגעלעגט אויפ׳ן פענסטער.

— נו, וואס האָסטו דיך אזוי דערשראָקען? וואס בין איך, א מכשפה? אמת, מען קען זיך דערשרעקען פאר מיר, ווייל איך האָב נאך קיין צייט געהאט זיך איבערצוטהאן, נאר האב איך געהאט אן ארבייט! האט געזאגט חיה, דיא אלטע דיענסט פון דיא שפינאָזא׳ס.—איך וואָלט זיך גלייך אריינגעוואָרפען אין בעט אריין, איך וואָלט אפילו מוחל געווען דאס עסען אזוי פערמאטערט בין איך. איך האָב זיך פשוט היינט מחיה געווען פון דיין פיהרען דיא בעל הביתישקייט, דוא ביזט אן אויסגעצייכענטע באלעבאסטע. עס איז שוין באלד צייט דוא זאלסט חתונה האָבען, נאר זעה, דוא זאלסט ניט קריעגען אזא שלימעזאלניק, וויא דיין שוועסטער רבקה האָט געקריגען. האסטו געזעהן, וויא ברוך׳ל זעהט היינט אויס? אויף איהם איז דאך שוין קיין פנים ניטאָ. אוי, זאל איך נישט געשטראפט ווערען מיט מיינע רייד, איך האָב מורא, אז דאָס פיעל לערנען וועט איהם חלילה שאדען צו זיין געזונד. טאג און נאכט אָבקלינגען ווי א אגלאָק, און ווען וועט עס נעהמען א סוף? נאָר שאַ! מיר דוכט, אז מען קומט שוין פון שוהל, מען דאַרף אַנטלויפען.

מיט דיא ווערטער איז זיא שנעל ארויסגעלאָפען דורך דער טהיר.

מרים איז געווען זעהר צופריעדען פטור צו ווערען פון דער פלאַפלערקע און אין דער מינוט האָט זיך דיא טהיר געעפענט און אין זאל זיינען אריינגעקומען בנימין שפינאָזא, און דער פרעמדער, וואס מיר האָבען געזעהן אויפ׳ן בית עולם און ברוך זעלבסט. מרים איז צוגעגאנגען צום פאָטער און האָט אנגעבוירען דעם קאָפּ און בנימין האט אויף איהר אנידערגעלייגט זיינע ביידע הענד און געזאָגט:

— גאָט זאל דיר מאַכען גלייך צו אונזערע אמהות שרה, רבקה, רחל, און לאה.

דערנאך האט ער געבענשט ברוך׳ן און געזאָגט:

— ישימך אלהים כאפרים וכמנשה.

דערנאך האט ער גענומען געהן אויף און אָב און זינגען שלום עליכם, און ווען ער איז געקומען צו אשת חיל האט ער גענומען זינגען מיט א טרויעריגען נגון,

ווייל אויפ'ן זינען איז איהם ארויף זיין ווייב, וואס איז איהם אָבגעריסען געוואָ־רען פאר דער צייט, דער פרעמדער איז געשטאַנען אין מיטען צימער און האָט זיך צונעקוקט צום בילד אויף דער וואנד.

— געדיינקסטו נאך דאס בילד, ראָדריגאָ? האט בנימין געפרעגט דעם פרעמדען. עס איז אמאָל געהאנגען אין אונזער אונטעראירדישע שוהל אין גוואדאלאיאַ. איך האָב עס מיט גרויס נעפאהר ארויסגעראַטעוועט.

ווערענדביידע אַלטע גוטע פריינד האבען גערעדט פון די אמאָליגע צייטען אין שפאניען, איז ברוך געשטאַנען מיט מרים אויפ'ן צווייטען עק צימער.

— וואס ביזטו היינט וויעדער אזוי מרה־שחורה'דיג, האט מרים געפרעגט דעם ברודער, פערשאַרענדיג זיינע שווארצע לאָקען פון שטערן. קום, איך וועל דיר ווייזען, וויא שעהן דוא זעהסט אויס אין שפיעגעל.

ביי די ווערטער האָט זיא איהם גענומען שלעפען צום שפיעגעל, נאר ער האָט איהר אָנגעכאפּט ביי דער האנד און ניט געלאָזט זיך פיהרען און מיט א וואונק האָט ער איהר געגעבען צו פערשטעהן, אז ער וויל זיך צוהערען צום גע־שפרעך, וואס קומט פאָר צווישען פאָטער און פרעמדען.

— אצבע אלהים הוא, דאָס איז א צייכען פון גאָט וואָס איך האָב דיך דערקענט גלייך ביים פאָרבייגעהן, האט בנימין געזאָגט צו דאָן ראָדריגאָ. אזוי? מיין ברוך'ן קענסטו שוין? און דאס איז מיין אינגסטע טאָכטער. וויא אַלט ביזט דוא מרים?

— א יאָהר אינגער, וויא ברוך, האט דאָס מיידעל געענטפערט און איז רויט געוואָרען.

— א נאַרעשער ענטפער, האָט דער פאָטער געזאָגט, זיא איז נאָך ניט אלט קיין פיערצעהן יאָהר, מיין עלטסטע טאָכטער איז שוין פערהייראַט.

— איך האָב אויך צוויי קינדער; איין אינגעלע איז אונגעפעהר פון איינע יאָהרען מיט מרים, און מיין זוהן איז אלט איצט צוואנציג יאָהר. איך האָף, אז וועז מיינע קינדער וועלען אהער אראָבקומען, וועט איהר זיי אונטעררייכטען אין דער אידישער רעליגיאָן, ווייל זיי זוייסען פון דעם זעהר ווייניג.

מיט די ווערטער איז ער צוגעגאנגען צו ברוך, און גוט בעטראַכטענדיג איהם, האט ער ווייטער געזאָגט:

— ווען איך קוק זיך גוט צו צו ברוך'ן, פערשטעה איך ניט, פאר וואָס איך

האָב איהם גלייך ניט דערקענט, ווען איך האָב איהם דערזעהן אויפ׳ן בית עולם. דיא ברוינע פאַרב פון געזיכט, דיא לאַנגע איינגעצויגענע ברעמען און זיין קנייטש אויפ׳ן שטערן. ער איז געראָטען פונקט אין דיר, נאָר זיינע געקרייזעלטע האָר, זיינע ווייכע ווינקלען אַרום מויל און דיא פיין געטאָקטע ליפּען, אַך, וויא זיס דיין מאַנועלאַ פלעגט מיט דיעזע ליפּען לאַכען! דאס אַלעס גיט איהם טהיילוויז א מאָריסקישעס אויסזעהן. דאס האָט ער שוין גע׳ירש׳עט פון זיין מוטער. אַך, וויא וואָלט זיא זיך געפרייט, ווען זיא זאל נאָך לעבען און זאל מיך זעהן דאָ!

ברוך האָט זיך צוגעהערט מיט אַן אונצופריעדענהייט צו דער שילדערונג, וואס דאָן ראָדריגאָ האט פון איהם געמאכט, און ווען יענער האָט דערמאָנט זיין מאָריסקישעס אויסזעהן, האט ער זיך עראינערט, וויא חסדי פלעגט איהם דערמיט רייצען אין שוהל. ער איז אויפגעבראכט געוואָרען אויף זיין פאָטער, וואָס ער האָט איהם דערפון קיין מאָל גאָר ניט געזאָגט.

דער פאָטער האָט בעמערקט זיין פערלעגענהייט און אום דאס צו פערבאָרגען, האט ער זיך געווענדעט צו ברוך:

— ברוך, דוא האסט דא פאר זיך דעם שילער פון דעם גרויסען מאַלער סילוואַ בעלאַסקוועז. דוא וועסט איהם מאָרגען ווייזען דיינע צייכנונגען. דוא דאַרפסט קיין מורא ניט האָבען, דיר וועט גאָר ניט געשעהן.

— ניין, ניין, האָט דער גאַסט געענטפערט. איך האָף, מיר וועלען ווע־רען גוטע פריינד.

זיי האָבען קדוש געמאכט און געזעצט זיך צום טיש.

— עס איז זאָנדערבאַר, דיא גאַנצע וואָך קען איך קוים דעם לעצטען ביסען אראָבשלינגען, ווייל איך מוז גלייך פערויכען א סיגאַר און וויא עס קומט דער שבת, הויבט זיך מיר אפילו ניט אַן צו גלוסטען א סיגאַר.

דאָן ראָדריגאָ האט אויף דעם גאָר ניט געענטפערט און דע עספּינאָזאַ האָט פאָרטגעזעצט:

— ליעבער גאָט, איך האָב נאָר איצט בעמערקט, אַז דוא טרינקסט ווייַן פערמישט מיט וואסער, וויא מען טרינקט אין שפּאַניען. ווען דוא וועסט אבער פערבלייבען ביי אונז אין דעם נעבליגען נאָרד, וואו א האַלב יאָהר איז דיא ערד פערגליווערט און דער הימעל פערצויגען מיט בלייענע וואָלקען, וואו אַנשטאַט דיא זיסע און שמעקענדע זיעדליכען לופט אַטהעמט מען אריין דיא שווערע און פייכטע לופט, וועסטו דיך שוין אויסלערנען צו טרינקען ריינעם ווייַן, אום דאס בלוט אין

קערפער זאל ניט פערגליווערט ווערען. אך! אונזער שפאניען איז א פראכטיג לאנד, א וואהרער גן עדן אויף דער ערד, נאר דער גן עדן איז בעזעצט מיט מלאכי חבלה. איצט ווען איך דארף באלד מיין מיעדען קאפ אריינלעגען אין דעם שויס פון דער ערד, פיהל איך, אז דא איז ניט מיין היימישע ערד.

דיא ווערסט אונגערעכט, האט דער גאסט געענטפערט. אט זיצטו דא אהן זארגען ביים טיש און האסט גאר קיין מורא ניט, אז מארגען וועט דיין בעסטער פריינד אדער פיעלייכט דיין אייגען קינד מתודה זיין זיך פאר א גלח, אז דוא ביזט א געהיימער יוד, אז דער אויטא־דע־פע, און ניט דער רויטער וויין, וועט דיר ווארעמען דיינע גליעדער. איצט געדענקסטו נאר דיא פריידען פון דעם פאטערלאנד און דוא פערגעסט דעם טוידט, וואס האט אזוי שטענדיג געקוקט אין דיא אויגען.

— יא, יא, דוא האסט רעכט, האט בנימין געענטפערט. נאר לא'מיר ניט פערשטערען דיא פרייד פון אונזער ווידערזעהן. לא'מיר טרינקען. נאר ניין, דער־לאנג אונז, מרים, דיא וועגעציאנישע גלעזער און זאג העלסי, זיא זאל דיר ארונ־טערלייכטען אין קעללער, און דוא וועסט ארויפברענגען צווי פלאש פון יענעם וויין, וואס דע קאסטרא האט מיר ניט לאנג געשיקט.

— דער וויין איז ווירקליך א פראכטפאלער, האט דער גאסט געזאגט, ווען ער האט פערזוכט פון דעם וויין, וואס מרים האט ארויפגעבראכט. וואו האסטו איהם געקריעגען?

— וויא איך האב דיר שוין געזאגט, האט מיר דעם וויין צוגעשיקט דע קאסטרא פון האמבורג. אין אונזער יוגענד איז דער וויין יונג געוועזען, נאר מיט דער צייט איז ער נאך פייערינגער געווארען, און מיר?

— עה, זאג ניט, מיר האבען אויך געלעבט, דוא האסט זיך ניט וואס צו קלאגען, דער וויין וועקט אין מיר אויף ערפינערונגען פון לאנג פערגאנגענע יאהרען. דוא געדענקסט? אזא וויין האבען מיר געטרונקען אין דער פאסאדא נעבען דעם הויז פון דאננא אינעס יענעם אבענד, נאכדעם וויא זיא האט דיר שוין צווי טעג געלאזט ווארטען אומזיסט? געדענקסטו, ווען דוא האסט געקלאפט אין טיש און געשווארען, אז דוא ווילסט איהר מעהר ניט קענען? נאר אויפ'ן צווייטען אבענד האט מען וויעדער געהערט אין דעם שטילען גארטען: ליעבער אלפאנזא! ליעבע אינעס! חא־חא־חא!

דער פאטער האט שטיל דערמאנט זיין פריינד, אז ער זאל דאס פאר דיא

קינדער אין דיא אויגען ניט רעדען, נאר דער גאסט האט זיך ביים היימישען וויין אין גאנצען פערגעסען און האט פארטגעזעצט:

— דוא ביזט געווען זעהר א געפעהרליכער קאוואליער· מיר טרעט נאך איצט ארויס דער שוויים אויפ׳ן שטערן, ווען איך דערמאן זיך, וויא מיר זיינען א מאל געשטנאען אין טאלעדא געגען דער קירכע פון דער הייליגער מוטער.

— „זעהסטו,״ האסטו געזאגט, קריצענדיג מיט דיא ציינער, „זעהסטו דיעזע פראכטפאלע געביידע? דאס איז אמאל געווען דיא שוהל פון אונזערע עלטערן. שמואל לעווי, וועלכער האט איהר געבויט, איז פערפוילט געווארען אויפ׳ן גאלגען· און איצטער?......״

— מיר איז א וואונדער, האט דער גאסט געזאגט ווייטער, וואס מיר זיינען ארויס מיט גאנצע ביינער.

זיי האבען נאך גערעדט אין דעם זעלבען טאג א לאנגע צייט, ענדליך האט זיך ברוך אריינגעמישט:

איך קען ניט בעגרייפען, האט ער געזאגט, וויא קען מען איין מינוט זיין גליקליך אין א לאנד, וואו מען זעהט שטענדיג פאר זיך שאנדע, שמאך, און טוידט.

— דוא ביזט נאך צו יונג, האט איהם דער גאסט געענטפערט, עס גיבט אויך גליקליכע שטונדען און טעג, ווען אפילו מען דארף זיך היטען אויף יעדען טריט און שריט, און דוא פערגעסט אלעס.

— אבער דאס שטענדיגע דאפעלטע לעבען, קריסט פאר דער וועלט און איד אין הארצען.

— יא, דאס איז געווען אונזער אונגליק, דאס האב איך געזעהן אין דיין אנקעל גערא־נימא,

— פאר וואס פערלאזט ער ניט דעם פינסטערן קלויסטער און קומט ניט אריבער צו אונז? האט ברוך געפרעגט.

— ער האט שוין דעם קלויסטער פערלאזען, און מיר וועלען באלד קומען צו איהם· ער איז געשטארבען. קינד, דוא האסט בעדארפט צוזעהען, וואס פאר א לעבען דאס איז געווען, און דאס וואלט דיר געבראכט נוצען אויף דיין גאנץ לעבען.

ברוך האט זיך אויפגעהויבען פון זיין געזעס און האט געזאגט:

— ברוך דיין האמת.

ער האָט זיך צוריק אנידערגעזעצט און געזאָגט.

— אָה, דערצעהלט אונז, איך בעט אייך.

מרים האט זיך צוגערוקט נעהנטער און האָט געהאָלפען דעם ברודער אין זיין ביטטע.

— היינט איז שבת, האט דער גאסט זיך אָנגערופען, און איך האָב איהם ניט געדארפט פערשטערן. נאר אז איהר בעט אזוי, וועל איך אייך דערצעהלען זיין טוידט האָט דאס מיך געטריעבען, אז איך און מיין פאמיליע זאלען פערלאָזען שפאניען און בעפרייט ווערען פון דעם אויביגען יאָך.

4טעס קאפיטעל.

## דער אידישער גלח.

ראָדרינאָ קאססערעז האָט א פולען זופּ געטהאָן פון דעם לאנגען בעכער און האָט דערצעהלט:

— מיט אכט מאָנאט צוריק האָב איך געקריעגען א בריעף פון סעווילא. עוין ביים איבערלעזען דעם אדרעס, בין איך א דערציטערטער געוואָרען: „אַן דניאל קאססערעז אין גואדאלאיארא.“ ווער איז דאָס געוועזן אזוי אונפאָרזיכטיג און געשריעבען צו מיר אין מיין אידישען נאָמען? נאר ווען איך האָב איבערגעלייענט דעם בריעף איז מיר פינסטער געוואָרען אין דיא אויגען. אין בריעף האָב איך געלעזען פאָלגענדעס:

„דניאל! דער טאָג פון מיין ראכע און טוידט איז געקומען. איך וועל שטארבען. אבער זיי, דיא פלשתים צוזאמען מיט מיר. הער! זאָלען זיי אויך פיהלען דעם טעם, וואָס הייסט געבראָטען צו ווערען. קום צו מיר, ווייל איך בין בעוואכט פון דיא היילינע שקלאָפען. אין דעם נאָמען פון דעם אלערהייליגסטען גאָט, ביי דעם אש פון אונזערע ערמאָרדעטע בריעדער און שוועסטער בעשווערע איך דיר. דוא זאלסט קומען צו דיין שטרעבענדען גראַנימאָ דע עספינאָזא.“

— איך האָב גלייך אין צייכען דערקענט, אז דער בריעף איז געוועזן פון גראָנימא. כאָטשע אין דער ציטענדער האנד האָב איך קוים דערקענט זיין האנדשריפט. איך האָב מיינע קינדער געזאָגט, אז איך מוז פאָהרען קיין סעווילא, נאר זיי האָבען איבער מיר אזוי לאנג געוויינט און מיך געבעטען, אז איך זאל ניט פאָהרען, ביז איך האָב נאָכגעגעבען און בין געבליעבען אין דער היים. איך האָב שוין כמעט אן בריעף געהאט פערגעסען, ערסט איין נאכט האָב איך געזעהען א

שרעקליכען חלום. דאס האט מיך געטריעבען צו פאָהרען און דעס צווייטען טאָג בין איך שוין געוועזן אויף דער רייזע. מיט א פערקלעמטען הארצען האָב איך זיך גע־שיידט פון מיינע קינדער, זאָגענדיג זיי, אז איך פאָהר נאָך קאָרדאָווא צו זעהן זיך מיט מיין שוועסטער. איך בין דורכגעפאָהרען קאָרדאָוואַ, אבער איך האָב זיך ביי מיין שוועסטער ניט אָבגעשטעלט, ווייל עס האָט מיך ניט געלאָזט רוהען, עפּעס וויא אין מיך וואָלט עמיצער געזעסען און געשלעפּט מיך אהין. אָנקומענדיג אין סעווילא, האָב איך זיך געלאָזט געהן צו דער קירכע, וואו דיא גלאָקען האָבען אָנ־געהויבען צו קלינגען. „אָט דאָרט פערברעננסטו דיין לעבען, גליהענדער גערשאָנימאָ" האָט אין מיר א קול נערעדט: „דוא טראָגסט א געבעט אויף דיא ליפען און א פלוך אין הארצען. איז דאָס דען ניט געוועזן א פערזוך געגען גאָט, ווען דוא, זייענדיג א איד אין הארצען, ביזטו אריינגעטראָטען אין דער מיטע פון דער אינקוויזיציאָן, אום דערמיט צו העלפען דיינע בריעדער?" איך בין אריינגעקומען אין קלויסטער אין מיטען געבעט און האָב זיך געשטעלט אויף דיא סניע. נאָכ'ן געבעט האָב איך זיך אויפגעהויבען און האָב בעטראכט דיא פעטע און מאָגערע גלחים, נאָר צווישען זיי האָב איך ניט געזעהן גערשאָנימאָ. ענדליך האָב איך איינעם פון זיי נעפרעגט אויף איהם. ער האט מיר געזאגט, אז גערשאָנימאָ שוועבט שוין צווישען לעבען און טויט פון א פאָר וואָכען און רעדט אַלץ פון דניאל אין דעם לייבען־גרוב. ער האָט מיך אוועקגעפיהרט אין זיין חדר, גערשאָנימאָ איז געשלאָפען מיט'ן געזיכט צו דער וואַנד און מען האָט נאָר אָנגעזעהן זיין פּליך. א צלם איז געהאנגען איבער זיין בעט און נעבען איהם איז געזעסען א גלח, וועלכער האט מיר געגעבען א צייכען, איך זאָל אריינגעהן שטיל. עס האָט זיך מעהר ניט געהערט וויא דאָס שטילע בעטען פון דעם גלח און דאס שווערע אטהעמען פון דעם קראנקען. ענדליך האָט זיך דער קראַנקער א ריהר געטאהן און האָט זיך אומגעקעהרט צו מיר מיט'ן געזיכט, איך האָב איהם ניט דערקענט, אזוי האָט ער זיך געענדערט, נאָר ער האָט מיך באַלד דערקענט, ער האט צו מיר באַלד אָנגעהויבען צו רעדען.

— „ביזטו נאָך דא, דניאל? עס איז זעהר שעהן פון דיין זייט, וואס דוא האָסט מיך נאָך ניט פערלאָזען, נאָר גאָט וועט דיר ארויסהעלפען, אזוי וויא ער האָט געהאָלפען אונזער פראָפעט אין בבל. נאָר מיר האָבען זיי מיין בלוט און מארך אויסגעזויגען, איך קען שוין ניט ארויס. ניט וואהר! דוא וועסט מיך ניט פערלאָזען?"

— איך האָב מורא געהאט, אז ער וועט מיך פּלוצלים דערזעהן, וועט דאָ

פערזאכען זיין טויט; און האָב עס ניט געקענט בעגרייפען, וויא אַזוי איז דאס איהם אויסגעקומען, אז מיר זיינען שוין לאַנג צוזאמען און אז מיר האָבען זיך גאָר ניט געשיידעט, ער האָט א ווינק געטאהן צום גלח, און יענער האָט גענומען דאס בוך און איז ארויס אנזאָגענדיג, אז ווען איהם וועט ווערען שלעכט, זאל איך אָנקלאָגען.

— „איז ער שוין אוועק? האט געפרעגט גראַנימאָ קום, גיעב מיר שנעל דיא פעקקראנצען, וואס דוא האָסט געבראכט אונטער דיין מאַנטעל. איך וועל זיי דאָ בעהאלטען אונטער מיין בעט, היינט ביי נאַכט צינד איך זיי אָן, דער גאַנצע קלויסטער מיט דיא אַלע גלחים וועט אוועק מיט א פייער און דיא מלאכים אין הימעל וועלען לאַכען, ווען זיי וועלען הערען זייערע ווייה־געשרייען, גאָט! איך האב געגען דיר געזינדיגט איך האָב דיין היילינגען נאָמען פערלייקענט. שיק אראָב א בליץ וואָס זאל מיך פערטיליגען, מיך, מיך דעם ערסטען, דען איך האָב געזינדיגט.“

— ער האט גערעדט גיך און האָט זיך שרעקליך געקלאַפּט אין הארצען מיט זיינע ביינערדיגע פויסטען. איך האָב איהם ניט געקענט אָבהאלטען, ענדליך איז ער מאַכטלאָז אנידערגעפאַלען. איך האָב געמיינט, אז ער געהט שוין אויס און האָב געוואָלט קלינגען, נאָר פּלוצים האָט ער זיך ווידער אויפגעהויבען און האט צו מיר געזאָגט מיט א געוויין:

— „קום צו מיר און גיב מיר דיין האַנד. זיא איז ריין פון דיינע ברידער'ס בלוט. דאס איז געווען דער שטן, וואס האָט מיר אריינגעגעבען דעם געדאַנקען, אז איך א וואָרם, וועל קענען צו נאָגען אזא ריעזיגען בוים, וויא דיא אינקוויזיציאָן איך קום איצט אָב פאר מיין גאוה, איך האָב פערלייקענט מיין גאָט און שטארב אָהן א שום נוץ, אזוי וויא איך האָב געלעבט אהן א שום נוץ. זעהסט דוא ניט דאָרטען מיין פאָטער? ער איז אויך געקומען אונז העלפען, דוא האָסט מיטגע־בראַכט געגונג פעך, פאָטער? הער נאָר, הער! דוא הערסט, וויא דיא איינגעקער־קערטע אונטען זינגען הללויה? הללויה! הללויה! וואָס פאר א שעהנער געזאַנג! מיר וועלען אייך פריי מאַכען, איהר וועט שטאַרבען. קוקט ניט אויף מיר אַזוי, איך בין ניט שולדיג.“

— ער האָט זיך ווידער אראבגעלאָזט און האָט אויף מיר געקוקט מיט שרעקליכע בליקען. איך האָב איהם געבעטען אים נאָמען פון גאָט, אז ער זאָלל בלייבען רוהיג, איך האָב איהם דערצעהלט וויא אזוי איך בין געקומען, נאכדעם

וויא איך האָב ערהאלטען זיין בריעף און האָב איהם געטרייסט, אז ער דארף זיין רוהיג, ווייל ער האָט אָבגעראַטעוועט גענוג מענשען פון טוידט און גאָט זעהט דעם מענשענס הארץ.

ער האָט זיך בערוהיגט און האָט צו מיר גערעדט מיט'ן פולען פערשטאַנד וועגען זיין באלדיגען טוידט, און וויא ער פרייט זיך דערמיט. נאר באלד האט ער פערלאָרען דעם זינען און ביי איהם איז אלעס אויסגעמישט געוואָרען און האט געבעטען, מען זאל איהם געבען דאס הייליגע וואסער, ווייל דאס ערלייכטעט זיינע שמערצען.

— „אָט דאָ אין הארצען ברענט מיר א גליהענדעס פייער, טרינק אויף! דער היילינער גלה האָט עס הייליג געמאכט, בענש מיך, טהייערער פאָטער, היינט אי'ז שבת, וואו איז דיא מוטער? נאך אלץ דאָרטען אין דער אונטעראירדישען שוהל. עפען מיר אויף מוטער, דאס בין איך, דיין מאָזעס......"

אזוי האָט ער גערעדט דיא גאנצע צייט און איך האָב געשווידערט פאר דעם אבגרונד, נעבען וועלכען איך בין געשטאנען. עס איז געוואָרען אבענד, און גראָנימאָ האָט געדאכט, אז מען שלעפט איהם אין דער אונטעראירדישען קערקער און מען מאַטערט איהם. מיט שרעקליכע קרעכצען און כמעט מיט א שטארבענדער שטימע האט ער געהאלטען אין איין שרייען:

— „איך בין קיין איד, איך ווייס ניט, וואו דיא געהיימע אידען געפינען זיך. דניאל, פערלאָז מיך ניט, פערלאז מיך ניט, דניאל!"

ענדליך איז ער איינגעדרימעלט דיא פולע לבנה האָט אריינגעשיינט דורכ'ן פענסטער אין צימער און האָט בעלייכטעט דאס געזיכט פון דעם שטארבענדען, איך בין געוועזן בערייט צום טויט, ווייל יעדעס וואָרט וואס מען האָט געקענט אונטערהערען פון דעם קראנקען, איז געוועזן גענוג מיר צו ברענגען א מארטירער טויט. צו מיין גליק איז אין יענעם טאָג אויסגעפאלען א גרויסע אונטערזוכונג פון לוטהעראנער און דער גאנצער אָרדען איז געוועזן דערמיט בעשעפטיגט. איך בין געזעסען און האָב געבעטען, אז גאָט זאל וואס גיכער צונעהמען גראָנימא'ס נשמה. קינדער! עס איז שרעקליך צו בעטען אויפ'ן טויט פון א מענשען, איבערהויפט נאך פון א יוגענד פריינד און א צווייטען ברודער. נאר דער טויט האָט איהם געקענט בלויז בריינגען גוטעס. אוך בין אזוי געזעסען פערטיעפט אין ביטערע געדאנקען, ווען א קירכען־דיענער איז אריינגעקומען און האָט מיר געזאָגט, אז דער אינקוויזיטאָר וויל מיך זעהן, מיין הארץ האָט שטארק געקלאפט, ווען איך

בין צו איהם ארייננעקומען איך האָב זיך א וואָרף געטאהן פאר איהם אויף דיא קניע און געבעטען, זיין ברכה, ער האט מיך געבענשט און געזאגט צו מיר.

— „דוא ביזט געראנימאָ׳ס א פריינד, ניט קוקענדיג, וואס דוא ביזט א גוטער קריסט—“ דערוויל האט ער אויף מיר אזא דורכדרינגליכען בליק געטהאן, אז דאָס בלוט איז מיר פערקיהלט געוואָרען אין דיא אָדערן, און ער האָט פאָרטגעזעצט:

— „זעה, אז ער זאל זיך נאך פאר׳ן טויט מתודה זיין און נעהמען דאָס הייליגע אבענדמאל. זעה, אז עס זאל געשעהן, וויא איך זאָג דיר, ער טאָר אזוי ניט שטאַרבען, און לאָז מיר באלד וויסען.“

איך בין צוריק ארייננעגאנגען אין דעם קראנקען׳ס צימער. ער האָט נאך געדרימעלט, איך האב זיך שטיל אָנגעבויגען איבער איהם און ער האט ערוואכט.

— „קום! האָט ער א געשריי געטהאָן, אויפהייבענדיג זיך. עס איז שוין צייט! דוא זעהסט? גדעון מיט זיינע דריי הונדערט לייט קומען שוין אויף. זיי טראָגען דיא קריג מיט דיא פאקלען צום לאגער פון דיא מידיאנער. ששא! ששא! בלאָזט שוין דער האָרן? לאָ׳מיר גאָט בעטען.“

ער האט צונויפגעג׳ענגט דיא הענד, וויא צום בעטען און האָט זיך דריי מאָל איבערגע׳צלמ׳ט. איך האָב איהם געבעטען און בעשוואָרען, איך האָב געוויינט פאר אננסט, אז ער זאל זיך בערוהיגען, איך האָב איהם דערמאָנט אן אונזערע יונגע יאָהרען און האָב איהם געזאָגט, אז ער וועט זיין שולדיג אין מיין טוידט, אויב ער וועט ניט נעהמען דאס הייליגע אבענדמאל.

— „פאר וואס גיט מען עס מיר ניט? האט ער רוהיג געענטפערט. איך בין דאך א פריסטער, קום, וואש אב מיינע הענד, זיי זיינען אונריין, און דאן וועל איך עס עמפפאנגען.“

איך בין אוועק צום אינקוויזיטאָר, און האָב איהם געזאגט, אז כאָטשע נעראָנימאָ איז נאך אלץ ניט ביים זינען, פאָדערט ער אליין דאס אבענדמאָל.

דער אינקוויזיטאָר האט פערזאמעלט דעם גאנצען אָרדען און זיי האָבען דורכ־מארשירט דעם לאנגען גאנג מיט אלע זייערע כלים און מיט זייער שוידערליכען פויטען־געזאנג. נעראָנימאָ האָט מיט זיי מיטגעזונגען און ווען זיי זיינען שוין שטיל געוואָרען, האָט ער נאך אלץ געזונגען מיט צוזאמענגעלעגטע הענד וויא צום געבעט. פלוצים האָט ער דיא הענד פערנאנדערגעריסען, האט זיך געכאפּט פאר׳ן קאָפּ און גענומען שרייען, אין לשון קדש: קדוש, קדוש, קדוש, ד״ צבאות! און מיט דעם זעלבען אטהעם האָט ער פאָרטגעזעצט: Ave Maria gratia plena דער

אינקוויזיטאָר האט זיך בענוצט מיט דיזען אוינענבליק און האט איהם דערלאַנגט דאס היילינע ברויט, וועלכעס ער האט איינגעשלונגען וויא א הונגעריגער.

— „דעם בעכער! דעם בעכער! האָט ער געשריען. איך בין פריסטער!“

דער אינקוויזיטאָר האָט איהם דערלאַנגט דעם בעכער, און ער האָט איהם קראמפּפהאפט ארומגעכאַפּט מיטביידע הענד, און האָט אנגעהויבען צו מאכען קדוש, דאן האט ער זיך האסטינ א הויב געטהאָן, און האט זיך אוועקגעשטעלט אויפ'ן בעט און מיט א שרעקליכען קול הזט ער א געשריי געטהאן:

— „קום, גדעון! צערשמעטער דיא קרינ. פייער! פייער!“

און געראָנימאָ האָט דעם בעכער צונעטראָגען צו דיא ליפּען און דאן א שליידער געטהאָן איהם אן א וואנד מיט אזא מאכט, אז דיא שויבען האָבען אָנגעהויבען צו ציטערן.

ער איז גלייך אנידערגעפאלען און איז געווען טויט.

דער נאָסט האט זיינע אויגען בעדעקט מיט דיא הענד און האָט זיך אויפגעהויבען פון זיין אָרט. קיינער האָט ניט געוואַגט קיין וואָרט אויסצורעדען. אין שטוב האט געהערשט א טויטע שטילקייט, עס האָט זיי פּלוצים אויסגעדוכט, אז עמיצער האָט א קלאַפּ געטהאָן אין פענסטער; אלע האָבען א ציטער געטהאָן. דער נאָסט האָט אויפגעעפענט דאס פענסטער און האָט ארויסגעקוקט אין דרויסען: קיינער איז דאָרטען ניט געווען. ער האט זיך צוריק אנידערגעזעצט צום טיש און האט ווייטער דערצעהלט:

האלב חלשות בין איך געפאלען נעבען זיין בעט. דער בעכער מיט דעם אויסגעגאָסענעם וויין איז געלעגען ניט ווייט פון מיר, איך האָב מורא געהאט אויפצוהויבען דעם קאָפּ אום ניט צו בעגעגנען דיא בליקען פון מיין הענקער.

— „שטעה אויף! האט צו מיר געזאגט א גראָבע שטימע.

איך האָב זיך אויפגעהויבען, דער אינקוויזיטאָר איז געשטאנען נעבען מיר. פון דיא מענשען איז מעהר קיינער ניט געווען.

— וויא הייסטו? האט ער מיך געפרעגט שטרענג.

מיין הארץ איז געווען אנגעפילט מיט א פייניגענדען צווייפעל: זאל איך איהם זאָגען מיין אמת'ן נאָמען? אדער זאל איך ניט? נאר טאָמער ווייסען זיי שוין, און דאן וועל איך ניט אויסמיידען דעם טוידט. איך האָב געזאגט דעם אמת.

— האָסטו עדות?

דאָ קען מיך קיינער ניט, האָב איך געענטפערט. נאָר מיין שוואָגער דאָן זשואַן מאַלדעוואַ פון קאָרדאָוואַ קען עדות זאָגען, אז יענער קאססערעז, ביי וועמען אין הויז אין סעגאָוויאַ איז געהאַלטען געוואָרען דיא ערסטע זיצונג פון דער אינ־קוויזיציאָן, איז געוועזען מיינער אַ עלטער זיידע.

איך וואונדער זיך נאָך איצט אויף, וויא אזוי האט זיך אין מיר געפונען אזוי פיעל מוטה צו רעדען אזוי דרייסט מיט'ן שרעקליכען אינקוויזיטאָר.

— שווער מיר, האט ער צו מיר געזאָגט נאָך אַ שרעקליך לאַנגער פויזע, נאָר ניין, שווער ניט, נאָר ווען דוא וועסט אַ זילבע פון דעם, וואס דוא האסט דאָ געזעהן, ארויסברענגען פאַר דיינע ליפּען, וועסט דוא מיט דיינעביידע קינדער שטאַרבען מיט'ן טויט פון פייער. דוא ביזט אין מיינע הענד. איך האַלט דיך אַרומ־גענומען מיט אונזיכטבאַרע באַנדען, דוא קענסט פון מיר ניט אַנטרינען.

ער האָט באַלד געהייסען אַ קירכע־דיענער, ער זאָל מיך ארויספיהרען פון קלויסטער אויב מען זאָל גלויבען דער לעגענדע פון יונה הנביא, האָב איך געדאַרפט פיהלען דאס זעלבע, וואס ער, ווען דער פיש האט איהם ארויסגעשפּייט. איך האָב זיך קוים געהאַלטען אויף דיא פיס פון מיעדקייט און אין מיינע אויערן, האָט אַלץ געקלונגען דער טוידטען־געזאַנג. איך האָב זיך קוים דערשלעפּט צו מיין איינ־פאָהר־הויז, האָב געזאָטעלט מיין פערד און האָב זיך געלאָזט פליהען איבער בערג און טהאָלען. דאס פערד איז געלאָפען וויא מען וואָלט עס פון הינטען געשמיסען מיט אייזערנע ריטער, דאס מויל איז געוועזען פול מיט שוים, און אין דער מינוט האָב איך געטראכט, אז אין דעם פערד זיצט אַ גלגול פון אַ געוועזענעם גרויס־אינקוויזיטאָר, וועלכער איז פערשאָלטען געוואָרען צו רעטען מיך פון מיינע פיינד. אָפט, ווען דאס פערד האָט אומגעקעהרט צו מיר דעם קאָפּ און אַ קוק געטהאָן אויף מיר מיט זיינע פייערדיגע אויגען, האט מיר געדאכט, אז עס זאגט: „קום איך ניט גענוג אָב פאַר מיין פריהערדיג לעבען?“ אין יעדען בוים, אין יעדען שטיין, האָב איך געזעהן מיין פיינד, און מיין איינענער שאָטען האט מיך געשראָקען. און איך האָב וואָס ווייטער אלס שטאַרקער געדריקט דיא זייטען פון פערד מיט מיינע שאַרפע שפּאָרען, איהר זייט אויסגעוואקסען אין אַ פרייען לאַנד און וועט זיך גאר ניט קענען פאָרשטעלען, וואס מען ליידעט אויס אין אזעלכע מינוטען. דיא ערד שיינט צו זיין ניט מעהר פעסט, דער הימעל ווערט פערשוואונדען און עס איז ניט דאָ קיין בבא מעשה, אין וועלכע מען וואָלט אין אזעלכע מינוטען ניט געגלויבט, ענדליך, אַ האַלבטויטער בין איך אָנגעקומען אין קאָרדאָוואַ צו מיין שוועסטער

און ערסט ווען איך האָב זיך גוט אויסגעוויינט אויף איהר הארצען איז מיר אביסעל גרינגער געוואָרען. אויפ'ן צווייטען טאָג, ווען איך בין אריין אין שטאל האָב איך געפונען מיין פערד טויט

איך האָב ביי מיין שוואָגער גענומען א פרישען אנדאלוזישען פערד און בין ווייטער געפאָהרען. איך האָב זיך געזעגענט מיט מיין שוועסטער און אפילו איהר האָב איך ניט געקענט זאגען, אז איך זעה זיך מיט איהר דאס לעצטע מאָל. ווען איך בין אָנגעקומען אהיים, האָט מיך דיא רוה אין גאנצען פערלאָזען. אין יעדען פריינד, וואס האָט מיך הערצליך בעגריסט, האָב איך געזעהן א פערעטהער; און יעדען פרעמדען האָב איך געזעהן א אונטערגעשיקטען פון דער מאָרד־באנדע, וואָס רופט זיך היילינגעס געריכט. פאר יעדען, וואָס איך האָב אנגעגענט, האָב איך מורא געהאט, אז ער וועט אָבשפּילען זיין מאנטעל און ווייזען מיר דעם רויט־בלוטיגען צייכען פון דער אינקוויזיציאָן. דערצו נאָך האָט מיר שטענדיג פאר דיא אויגען, אין וואך און אין שלאָף, געשוועבט גרעאָנימאָ'ס בילד. „אויך דוא, אויך דוא קענסט שטאַרבען מיט אזא טויט, פערלאָזען פון דיין גלויבען, וואס איז געווען א שפּיעלצייג פון דיין פייגהייט, ארומגעוואָרפען צווישען וואהרהייט און ליגען, איך האָב אויספערקויפט אלע מיינע גיטער און בין מיט גרויסער געפאהר אנטלאָפען געוואָרען, ווייל, וויא איהר ווייסט, טאָר מען שפּאניען ניט פערלאָזען אהן א בע־זונדער ערלויבנים פון דעם קעניג.

מיינע קינדער האָב איך ארויסגעשיקט אויף בעזונדערע וועגען, זיי געפינען זיך שוין אין לעידען און מיט גאָטעס הילף וועל איך זיי קומענדע וואָך אריבער־ברענגען אהער, ווען איך זאל אייך אויסדערצעהלען אלעס, וואָס איך בין אויסגע־שטאנען, וואָלט איך ביז מאָרגען ניט פארטיג געוואָרען, נאר מיר בלייבען דאָך צוזאמען.

— יא, דיא ליכט געהן שוין באלד אויס, און מאָרגען איז דער זעקסטער אייר און מען מוז פריה אויפשטעהן, האט געזאגט בנימין און אלע האָבען זיך אויפגעהויבען פון טיש.

## 5טעס קאפּיטעל.

# סמיכות אויף רבנות.

„א לייכטער נעבעל איז נאָך געלעגען אויף דיא גאסען פון אמסטערדאם. דיא גאָלדענע בוכשטאבען „בית יעקב" איבער דעם אריינגאנג פון שוהל האָבען אויס־

געזעהן מאט. דאך האט זיך שוין א גרויסער עולם געאיילט דורך דיא זיעבען זיילען, וואס האבען געבילדעט דיא פאלעס פון שוהל. אויך ברוך, זיין פאטער און דער גאסט זיינען שוין דארטען געוועזן.

„מה טובו אוהליך יעקב, משכנותיך ישראל!" האט דער חזן אנגעהויבען צו דאווענען. און דא האבען דיא ווערטער ניט געקלונגען איראניש, ווייל דיא שוהל האט ווירקליך אויסגעזעהן זעהר שעהן. איבער'ן ארון קדש האבען צוויא מארמא־רענע לייבען געהאלטען דיא עשרת הדברות און ארום האבען געבליהט אין רייכע טעפּ גרויסע בוימער פון מאנדעלן און ציטראנען. זייט דיא אידען זיינען ארויסגע־טריעבען געווארען פון שפאניען האבען זיי אהין געשיקט נאך דיא רייכע געוויקסע און האבען דערמיט בעציערט דיא שוהל, אלס אן אנדענקונג פון דעם לאנד, פון וואנען זיי זיינען פערטריבען געווארען.

ווען דער חזן איז געקומען צו „שמע ישראל" האט ברוך צוגעלעגט זיין רעכ־טע האנד צו דיא אויגען און האט זיי שטייף פערמאכט און איהם האט געדוכט, אז ער דערנעהערט זיך צו גאט. זיין גאנצע זעעלע איז געווען וויא דורכגעווייקט מיט'ן אל שדי.

נאך שחרית האט מען געעפענט דעם ארון קדש אין געמאכט הזכרת נשמות פאר אלע יענע וואס זיינען אומגעקומען צוליעב קדוש השם, און צום סוף האט מען געמאכט אל מלא רחמים, פאר דיא, וואס זיינען געשטארבען אין דעם פערלויף פון דעם יאהר. רחל שפינאזא איז דערמאנט געווארען צווישען דיא ערסטע ברוך האט טרויריג א קוק געטהאן אויף'ן פאטער, און צו דער עראינערונג פון זיין מוטער האט זיך נאך צוגעמישט דיא עראינערונג וועגען זיין מאריסקישעס אב־שטאמונג. רבי יצחק אבאאס איז ארויסגעטראטען אויף דער בימה. ער איז גע־ווען א הויכער און דארער מאן, מיט א פאקעדיג געזיכט, מיט א גרויסען שטערן אויסגעסטארצעטע גרויע אויגען, און מיט א רויטע בארד. ער האט אנגעהויבען זאגען א דרשה מיט דעם פסוק „כי אלך בגי צלמות."

נאך איהם איז ארויף רבי שאול מארטערא, דערזעלבער וואס איז געכטען אוועק פון בית עולם צוזאמען מיט ברוך און חסדי, ער האט אויך אנגעהויבען צו זאגען א דרשה מיט'ן פסוק „בלע המות לנצח," און האט גערעדט מיט אזא ליעבען און זיסען קול, מיט אזעלכע ווייכע ווערטער, אז דער גאנצער עולם האט זיך בעגאסען מיט טרערען, אויך ביי ברוך זיינען דיא אויגען פול געווארען מיט

טרערען. ער האט זיך געפיהלט אזוי נאָהענט צו גאָט, אז ער האָט זיך געווינשט צו שטארבען אום ער זאל פון דעם געפיהל ניט ארויס.

נאך איהם האָט געהאלטען א דרשה מנשה בן ישראל ער האט פערמאכט דיא אויגען מיט דער האנד און האָט אנגעהויבען מיט א שטימע, וואס האט גע־קלונגגען אין אלע עקען פון שוהל: „בית יעקב לכו ונלכה באור ד'"ן" און האָט פערענדיגט דיא דרשה מיט דיא ווערטער: איך האָב געהאט א פאָטער, א גדול בישראל, און ער איז אויסגעשטאנען דיא אלע יסורים פון דער אינקוויזיציאָן און איז קוים ארויס מיט'ן לעבען פון דיא הענד פון יענע, וואָס רופען זיך קריסטען, נאר קוקט ניט צוריק צום פינסטערן קערקער, קוקט בעסער ארויף צום ליכט וואס שיינט צו אייך פון אלע ערטער."

צו קריאת התורה האט מען אויפגערופען אלע דרייא רבנים איינעם נאָכ'ן אנדערן און גלייך נאָך זיי האָט דער חזן מיט א געדריידעלטער שטימע אויסגערר־פען: „יעמוד מורנו ורבנו ברוך בן בנימין."

ברוך איז פון דעם טיטעל בענאָסען געוואָרען מיט א רויטסקייט. ער האָט זיך אויפגעהויבען פון זיין אָרט און מיט א ציטערנדיג קול האט ער געמאכט דיא ברכה. יעדער אין שוהל איז געווען שטארק פערוואונדערט פון דעם „יעמוד" ווייל דאָס איז געווען דאס ערסטע מאָל, וואס א אינגעל קוים פינפצעהן יאָהר זאל בעקומען סמיכות אויף רבנות, נאר קיינער האָט ניט חושד געווען, אז דיא רבנים זאלען געבען סמיכה אזעלכען, וואס האט דאָס ניט פערדיענט, און אלע האָבען זעהר געליעבט דאס פרומע אינגעל, וואס האָט געהאט א שם פאר א וואויל לערנער.

ווען מוסף האָט זיך געענדיגט, איז געוואָרען א שטופעריי ארום דער שטאדט, וואו דיא שפינאָזאס זיינען געזעסען און יעדער איז צוגעגאנגען צום פאָטער און גראַטולירט איהם מיט'ן כבוד, וואס איהם איז אויסגעפאלען.

אויפ'ן וועג אהיים האט בנימין געזאגט צו ברוך;

— דיא רבנים האָבען צו לאנג גע'דרש'עט. ווען דוא וועסט האלטען א דרשה, זאָלסטו קיין מאָל ניט פערגעסען, אז דוא רעדסט צו ליידיגע מאָגענס. ביזטו צר פריעדען מיט דיין כבוד?

— עס שווינדעלט מיר פאר דיא אויגען, איך האָב מורא, אז איך בין צו שוואך פאר אזא גרויסקייט.

— גאָט זאל אין דיר ערהאלטען דיין פרומען זינען, האט דער פאָטער געזאָגט

און צונעשאָקעלט צופריעדען מיט'ן קאָפּ. פרומע נאַטורען ווערען ניט גרויס ביי זיך פון כבוד, וואס מען לעגט אויף זיי. פערלאָז זיך אויף גאָט, וואס האט דיך אויסערוויילט, און ער וועט דיר געבען קראַפט צו טהאָן דיין שולד; דוא דאַרפסט צו זיך אליין זאָגען, אז דיך האָט מען אויסערוויילט, ווייל דוא האָסט קראַפט.

אויף דיא טרעפּ איז געשטאַנען מרים און האָט ברוך'ן איבערגעגעבען א פּאַרמעט, וואס רבי מארטערא האָט צוגעשיקט. דאס איז געווען דיא סמיכה אויף רבנות.

דער פּאָטער האָט באלד געעפענט זיין שראַנק פון דעם זילבער און האָט אויסגעקליבען דעם שווערסטען בעגולטען בעכער, אום צו שיקען איהם מאָרגען צו דער ראש ישיבה.

פון איצט אן האָט ברוך געדאַרפט טראָגען דעם טיטעל „רבי". א זעלטזאַמער שרעק פלעגט איהם אָנכאַפּען, ווען מען פלעגט איהם אדרעסירען ביי דיעזען טיטעל. ער האָט געפיהלט, וויא ער וואָלט געטראָגען אן אונזיכטבארע קרוין אויפ'ן קאָפּ. נאר באלד האָט זיך אין איהם אנגעהויבען א אינערליכער קאמפּף.

— אפשר פיהל איך זיך אזוי שוואך און פערמאַטערט ניט ווייל איך דענק, אז איך בין אונווירדיג, נאר ווייל איך האב דערגרייכט א הייס־געווינשטען ציעל?

ער האָט געפיהלט ביי זיך א צואשפּאַלטונג אין הארצען, גראָנימאָ'ס גייסט, מיט זיין דאָפּעלטען לעבען, האָט פאר איהם געשוועבט איבעראל.

ביי טאָג ווען ער איז געזעסען און געלערנט, איז צו איהם אריין דער פּאָטער ער האָט צוגעמאכט דעם ספר און געזאָגט:

ברוך האט א קוש געטהאָן דעם ספר און האָט איהם אריינגעשטעלט אין דיא ביכער שאפע.

דער פּאָטער האָט גערעדט צו איהם ווייטער.

— אָה, מיין זוהן, דיין כבוד מאכט מיינעם זיבען מאָל גרעסער. דוא קענסט עס נאך ניט פערשטעהן; זאל גאָט געבען, אז דוא זאלסט עס אויך ערפאהרען. קיין זאך קען א פּאָטער ניט מאכען אזוי גליקליך, ווען ער האָט זיך געיאגט נאך א כבוד און דער כבוד איז אויסגעפאלען זיין זוהן. דוא ביזט דער קוואל פון מיין גליק און מיין פרייד, איך זעה איצט פאר זיך משיח'ס צייטען און איך ווייס, וויא וועט זיך פיהלען דער פּאָטער, וואס וועט קענען אנרופען משיה'ן זיין זוהן. גאָט זאָל מיר פערצייהען מיינע רייד, עס קען זיין, אז איך האָב ניט בעדאַרפט דיר

זאָגען, וויא גליקליך דוא מאכסט מיך. מיין לעצטער ברודער איז געשטאָרבען, נאר דיא פרישע וואונד האָט זיך פערהיילט וויא פון א הימלישען באלזאם. דוא ביזט איצט מיין זוהן און מיין ברודער.

ברוך האָט נאך קיין מאָל געזעהן זיין פאָטער אזוי בעוועגט, מיט עניוות'דיגע בליקען האט ער געקוקט אין זיין פלאמענדיג אויג. זייערע נשמות האָבען זיך וויא צוזאמענגעגאָסען, נאך א לאנגע פויזע האָט דער פאָטער ווייטער געזאָגט און גע־האלטען דיא הענד אויפ'ן שטערן:

— פיעלייכט האָסטו עפעס א פערלאנג, ברוך, זאג! איך וואָלט וועלען עפעס טהאָן פאר דיר פאר דער פריידע, מיט וועלכע דוא האָסט מיך היינט דערקוויקט.

ברוך האָט דערפיהלט, וויא דיא לעצטע ווערטער האבען איהם ארויסגערר־פען פון זיין פערחלומ'טען צושטאנד, און ער האָט אויסגעשפראָכען דעם וואונש וואָס ער האָט שוין לאנג געהאט אויפ'ן הארצען.

— לאָז מיך לערנען ליטיין, דיא שפּראך פון אלע וויסענשאפטען. מיט וואָס בין איך ערגער פאר מיינע חברים, פאר אהרן דע סילווא, יצחק פינהערא און דיא אלע אנדערע?

— יא, דיין וואונש וועל איך ערפילען און דער בארעמהערציגער גאָט, וואָס האָט דיך ביז אהער געפיהרט, וועט דיך אויך ווייטער אָבהיטען, אז דוא זאלסט פון זייערע ביכער ניט אויסזויגען קיין גיפט. און ווייטער ווילסטו גאָר ניט?

— איז דאס אמת? האט ברוך געפרעגט און אראָבגעלאָזט דיא אויגען צו דער ערד. איז דאס אמת, וואס ראדריגא קאססערעז האט נעכטען געזאָגט וועגען דער מאָריסקישעס אָבשטאמונג פון מיין מוטער? זכרונה לברכה? בין איך געוועז אונגערעכט, ווען איך האָב מיט א יאָהר צוריס חסדי אסטרוק א פּאטש געגעבען, פאר וואָס ער האָט מיך מיט דעם גערייצט?

דעם פאָטער'ס געזיכט האָט זיך פלוצים פערענדערט, זיין בליק איז פער־גליווערט געוואָרען און ער האָט שטארק צוזאמענגעפרעסט זיינע ליפען. ענדליך האט ער ארויסגענומען פון קעשענע א שליסעל, איז צוגעגאנגען צו א שראנק, האט איהם געעפענט, האט ארויסגענומען זיינע תכריכים און פערנאנדערוויקלענ־דיג זיי, האָט ער ארויסגעצויגען פון דארטען א פּאפּיער און דערלאנגט איהם ברוך'ן מיט דיא ווערטער:

— נעהם עס און לייען. דוא האָסט געהערט פון מיין ברודער'ס טויט. דוא

ביזט דער יורש פון אונז אַלעמען, געדענק עס, דער פּאַפּיער האָט געדאַרפט צו דיר אָנקומען, ווען מיין מויל וועט ווערען פערשטומט, אבער אזוי איז בעסער. דוא ביזט שטאַרק גענוג.

ווען דער פּאָטער איז אוועק מיט'ן גאַסט, אום צו ווייזען איהם אמסטערדאַם, איז ברוך פערבליבען זיצען אין דער היים און האָט געלעזען פאָלגענדעס:

6טעס קאַפּיטעל.

## ברוך'ס מוטער.

צו מיין איינציגען זוהן ברוך אליין:

ווען דיזע ווערטער וועלען דערגרייכען צו דיר, וועט שוין מיין מויל זיין פערשטומט, און מיין נשמה וועט שוין זיך געפינען ביי דער, צו וועלכער זיא האָט שטענדיג געהערט און פון וועלכער איך וועל דיר איצט דערצעהלען; מיין גאַנצע יוגענד שטעלט זיך פאר מיט פּאָר. מיינע באַקען ברענען, איך האָב פון שמאַך און ליעגען ארויסגעראַטעוועט א זעליגעס לעבען.

הער מיך אויס.

איך בין אַלט געוועזען צוואַנציג יאָהר, ווען איין פריהלינג בין איך אוועקגע־פאָהרען נאָך סעווילא, אום צו בעזוכען מיין ברודער מאָזעס, וועלכער האָט זיך גערופען גערא־ַימאָ און האָט זיך געפונען אין א קלויסטער. איך בין אַלט געוועזען ניט מעהר, וויא צוואַנציג יאָהר, נאַר איך האָב שוין גוט געקענט מענשען און זייערע מאַסקען. אומגליק און פערשטעלונג מאַכט פאַר דער צייט אַלט און ערפאַהרען.

מיין ברודער האָט מיך עמפּפאַנגען מיט גרויזאַמער קעלט, און האָט צו מיר שטרענג געזאָגט:

— זוהן פון דער ערד, מיר האָבען איינער מיט'ן אַנדערן גאָר ניט צו טהאָן. וואָס ווילסטו פון מיר?

אזא ברוך הבא האָט מיך מעהר ניט געצויגען. און האָבענדיג צו פערהאַנד־לען געשעפטען אין סעווילא, וואָס האָט מיר געדאַרפט נעהמען א פּאָר וואָכען, בין איך אכט טאָג דאָרטען פערבליעבען און האָב מיר מיין ברודער ניט געזעהן.

אין דער פרייליכער געזעלשאַפט אין סעווילא האָב איך פערבראַכט זעהר גליקליכע שטונדען, נאַר אפילו דאס פרייליכע לעבען האָט מיר ניט געקענט מאַ־כען פערגעסען, אז סעווילא איז געוועזען דער הויפּט־זאַמעל־פּלאַץ פון אונזער גלויבען.

איינער אליין בין איך אוועק צום פלאץ, וואו עס האָט זיך געפונען דער אידישער בית עולם און וואָס איז מיט פינף און צוואנציג יאָהר צוריק צערשטערט געוואָרען. דאָרטען זיינען א מאָל געלעגען דיא ביינער פון דיא גרויסע מענער פון ישראל, דאָרטען איז א מאָל געשטאנען דער שעהנער דענקמאל אויפ׳ן קבר פון דעם גרויסען רבי ברוך דע עספינאָזא, וועמעס נאָמען דוא טראָגסט און פון וועמען מיר קומען אלע ארוים. עס איז אפילו קיין זכר געבליבען פון דיא איידעלע לייט, וואָס זיינען דאָרטען געווען בעגראָבען. אפילו אין קבר האָבען דיא שפּאניער זיי ניט געלאָזט צו רוה; אפילו דאָרטען האָבען זיי געזוכט גאָלד און זילבער אין גאָטלאָזע ביכער.

איין טאג איז מיר אָנגעפאלען א באגער נאך א מאָל צו זעהן מיין כאראקטערלאָזען און פערפריסטערטען ברודער. איך בין צו איהם אוועק פול מיט אן אונערקלערליכע פרייד, איך האָב ניט געקענט פערשטעהען, וואס מיט מיר איז געוואָרען. ווען איך בין אריינגעקומען אין שפּרעך־צימער, איז מיר אנטגעגען געקומען א מיידעל מיט א פערהילטען געזיכט און האָט זעהר געכליפּעט.

— סענאָרא! האב איך צו איהר געזאגט. דארפט איהר א בעשיצער און קען איך......

איך האָב ווייטער ניט געקענט ריידען. דאס מיידעל האט אויף מיר אויפגעהויבען איהרע גליהענדע שווארצע אויגען, פון וועלכע האָבען גערונען טרעהרען, און שאָקעלנדיג מיט׳ן קאָפּ אויף א צייכען אויף ניין, איז זיא אוועק.

א קירכען־דיענער האָט מיך אוועקגעפיהרט אין דעם צימער פון מיין ברודער. קראַמפּפהאפט האָט ער ערפאסט מיין האנד, און ווען דער דיענער איז אַרויס פון זיין צימער, האט ער זיך מיר ארויפגעוואָרפען אויפ׳ן האלז מיט א געוויין.

— בנימין, מיין ברודער, דוא ביזט עס? נאר איך בין ניט קיין יוסף און איך האב מיך אליין פערקויפט. גאר ניין, ניין. איך וועל זיין רוהיג; זעהסטו? עס איז נאך גראדע, וויא אין דער היים. דוא ביזט דער איינגערער און דוא האָסט דאָך דיא מאכט איבער מיר. מה טוב ומה נעים שבת אחים גם יחד, וויא גוט איז דאס, ווען ברידער זיצען צוזאמען.

ער האט אויף מיר געקוקט מיט אזעלכע אויגען, וואָס זיינען געווען א שרעקליכער קאָנטראסט צו דיא אויגען פון אונזער ערסטער בעגעגענים און איך האָב איהם געזאָגט:

— פאר וואָס האָסטו מיך אזוי קאלט בעגעגענט דאס ערסטע מאָל?

ער האָט ביי מיר געבעטען אום פערצייהונג און האָט מיר געזאָגט, אז ער האט אנדערס ניט געקענט טהאן, ווייל דאס שפרעך־צימער איז אזוי געבויט, אז דער אויבער פריסטער, וועמעס צימער איז גראָדע איבער דעם, קען הערען יעדעס וואָרט, וואס ווערט דאָרט גערעדט, און אזוי וויא מען האָט צו איהם קיין צוטרויען ניט, האט ער זיי געוואָלט צייגען, אז ער האט צוריסען אלע נאַטירליכע בענדער, און ער בעטראכט דיא פריסטער אלס זיינע בריעדער און דיא קירכע אלס זיין מוטער. דאן האט ער מיר דערצעהלט, וויא ער לעבט און וויא ער איז אין געהיים מתפלל צום גאָט פון זיינע עלטערן, ער האָט מיר אויך דערצעהלט דיא שרעקליכע מאָרד־געשיכטען, דיא שוידערליכע סצענען, וואס איהם קומט אויס צו זעהן. ער האט דאס אלעס דערצעהלט, ניט אומבייטענדיג זיך אין געזיכט, נאר פון צייט צו צייט שמייכלענדיג.

ווען איך האָב איהם געפרעגט, וויא אזוי ער בעהערשט זיין געזיכט, האָט ער מיר געענטפערט:

— יאָ, אונזער געזיכט איז אונזער גרעסטער פיינד, עס איז שטענדיג אונזער מסור, און איך האָב עס מיט גאָט הילף אזוי ערלערנט צו בעהערשען, אז וואָס עס זאל ניט פאָרקומען ביי מיר אין הארצען, דאס געזיכט בלייבט שטענדיג רוהיג.

מיר האָבען נאָך לאנג גערעדט און איך האָב איהם געבעטען, ער זאָל מיר דערצעהלען, וויא אזוי איז דאס אונגליק געשעהן מיט אליעזר אדער וויא מען האָט איהם גערופען קאָנסטאנטין מאָנטעפיאָרע, וועלכער איז אריינגעטראָטען אין דעם דאָמיניקאנער אָרדען מיט דער זעלבער אבזיכט, וואס מאָזעס מיין ברודער צו העלפען זיינע בריעדער, אויף וועלכע דיא אינקוויזיציאָן האט געוואָרפען אן אויג און געגעבען זיי וועגען דעם צו וויסען, כל זמן עס איז נאָך צייט געווען.

— זיין אונגליק איז געווען מיין לעהרע. ער איז געפאנגען געוואָרען דורך דיא נעצען וואס זיינען פערשפרייט אין שפרעך־צימער. זיין פאָטער איז צו איהם געקו־מען מיט א בעזוך, און פון דעם, וואָס זיי האָבען צווישען זיך גערעדט, האט מען ענטדעקט זייער געהיימנים. אין א שטונדע ארום האָט מען זיי אריינגעוואָרפען אין געפענגנים, און קאָנסטאנטין, ניט קענענדיג אריבערטראָגען דעם געדאנק, אז ער איז דיא אורזאכע פון זיין פאָטער׳ס יסורים און טוידט, האט ער מיט א שטיקעל גלאָז, וואס ער האָט געפונען אין קעללער, איבערגעשניטען זיך דיא אָדערן און איז אָבגעגאנגען מיט בלוט. דער אלטער מאָנטעפיאָרע, וואס איז פון גרויסע

פייניגונג שוין אזוי אויך געווען א האלב טוידטער איז אויפ'ן צווייטען טאָג פערברענט געוואָרען צוזאמען מיט דער לייבע פון זיין זוהן אויף דער אויטאָ דא פע.

איך האָב מיין ברודער געבעטען רחמים, אז ער זאל זיך אויף אונז דערבאַרעמען און פאָלגען דעם פאַטער'ס געבעט, אז ער זאָל פון דאנען אנטלויפען, נאָר ער האָט געשוואָרען ביי אלעם הייליגען, אז א לעבענדיגער וועט ער דעם קלויסטער ניט פערלאָזען.

איך האָב זיך אומגעקעהרט צוריק אין שטאָדט. דיא עקשנות פון מיין ברודער און דער אופן וויא אזוי, ער האָט זיך געמאַטערט צו פערטויבען אין זיך יעדעם געפיהל, האבען געריסען מיין הארץ אויף שטיקער, נאר אלע מיינע געדאַנקען זיינען פערשוואונדען געוואָרען, ווען איך האב דערזעהן ביים וועג אויף א שטיין זיצען דאס מיידעל, וואס איך האָב בעגעגענט אין קלויסטער. זיא האָט מיך ניט בעמערקט און איך בין פערביינעגאנגען, נאר עס האָט מיך עפּעס צוריקגעצויגען און צוריקקעהרענדיג, האָב איך צו איהר געזאגט:

— סעניאָרא! איך האָב ניט קיין רעכט אריינצודרינגען אין אייערע געהיימניסע, נאָר איך האב א רעכט אנצובאָטען אייך מיין הילף ווען איהר נויטהיגט זיך אין איהר, און איהר האָט א רעכט איהר צו פאָדערען.

שפּעטער האָט זיא זיך פאר מיר מודה געווען, אז ניט מיין ריטערליכעס אויפטרעטען, נאר מיין געריהרטע שטימע האט איהר אריינגעגעבען צוטרויען צו מיר.

— לאָזט מיך אליין, גוטער קאבאללעראָ; מיין איינציגער רעטער איז דער טויט, האָט זיא געזאגט אין שרעקליכער פערצווייפלונג.

אויף איהר איז געלעגען א זעלטזאמער רייץ און דאָך האָב איך אין דער דונקעלקייט פון דער אָנקומענדער נאכט און דורך דער מאנטילא קוים געקענט זעהען איהרע לייכטענדע אויגען. איבער'ן גאנצען לייב איז מיר דורכגעגאנגען א שוידער, ווען איך בין אזוי נעבען איהר געשטאנען. דאס איז געווען מעהר וויא א רחמנות געפיהל צו פרעמדע ליידען, איך האָב אליין דאמאלס נאָך ניט געוואוסט אבער דאס איז געווען דאס געפיהל פון ליעבע.

זיא האָט מיך געבעטען אום פערצייהונג, פאר וואס זיא האָט ניט געוואָלט אָננעהמען מיין הילף. אונגליק און צרות האבען איהר געלערנט, אז זיא זאָל ניט גלויבען קיין מענשען, טרערען האָבען געשטיקט איהר שטימע, נאר זיא האָט זיך

באלד בערוהיגט. אונגליקליכע פערשטעהען איינער דעם צווייטען זעהר גיך; זיא האָט מיר באלד דערצעהלט, אז איהר פאָטער ליעגט שוין דרייא חדשים פער־שפּאַרט אין קלויסטער. זיא איז געזעסען ביים וועג, ווייל זיא האָט געוואוסט, אז דאָ דאַרף דורכפּאָהרען דער אינקוויזיטאָר, וועלכער איז דעם טאָג געוועזן אין שטאָדט. זיא האט גאַנץ גוט געוואוסט, אז זיא שטעלט דאביי איהר לעבען אין געפאהר, ווייל דאס געזעץ האָט פערבאָטען יעדען, אפילו אן אייגען קינד צו בע־טען פאַר א פאָטער, וואָס איז געוועזן אָנגעקלאָגט אין גאָטלאָזינקייט. נאר דאס האָט איהר ניט געאַרט, זיא האָט געוואָלט שטארבען מיט איהר פאָטער, נאָר אויב זיא האָט קיין מורא געהאַט פאר'ן טוידט, האט זיא מורא געהאַט פאר דיא נאַכט. און זאָגענדיג, אז זיא וועט מוזען איבערלעבען נאָך א טאָג, און ניט וויסען וואס וועט זיין, האָט זיא זיך אויפגעהויבען און איז געשווינד אוועקגעגאַנגען.

עס האָט מיר אָנגעהויבען צו רייסען אין הארצען פאר דאס אונגליקליכע מיידעל און איך בין איהר נאָכגעגאַנגען. ווען זיא האָט זיך אראָבגעלאָזט פון בערגיל, האב איך געזעהן, וויא איהר אנטגעגען קומען דרייא מענער איינגעהילט אין ווייסע מאנטלען. זיי זיינען געגאַנגען מיט שטילע טריט, מיט אראָבגעלאָזטע קעפּ צו דער ערד, דאס מיידעל האט זיך א וואָרף געטהאָן זיי צו דיא פיס. א סעקונדע שפּעטער האט זיך דערהערט א הערצרייסענדער יאָמער־געשריי. איינער פון דיא מענער האט איהר א שליידער געטהאָן אין א זייט. איך האָב זיך געלאָזט לויפען מיט אלע קרעפטען. דיא דרייא מענער האָבען רוהיג פאָרטגעזעצט זייער זייער גאַנג, אזוי וויא קיין זאך וואָלט פּאסירט. זיי זיינען נעבען מיר פערביינע־גאַנגען; איך האב זיך אָבגעהאלטען אין מיין לויפען, האב ארונטערגענומען דיא הוט און האָב זיך טיעף פערנייגט. דאס איז געוועזן דער אינקוויזיטאָר, בעגלייטעט פון צוויי דאָמיניקאַנער. דיא מינוט וואָס איך בין אין אזא ערנידעריגטע שטעלונג גע־שטאַנען מיט טויזענד קללות אין הארצען צו דער אינקוויזיציאָן און מיט א הערצ־רייסענים פאר דאס אָרימע מיידעל, האָב איך איבערגעליטען אלע יסורים פון גיהנום. איך האָב זיך נאָך א מאָל וויא א פייל פון בויגען געלאָזט לויפען אזוי גיך וויא זיי זיינען נאר איבערגעגאַנגען און האָב איהר אָנגעיאָגט ביים שטאָדט־טהויער, וואוהין זיא האָט זיך געשלעפּט מיט פערמאַטערטע טריט. זיא האט מיך דערקענט און האָט זיך אָבגעשטעלט. איך האָב פון גיכען לויפען ניט געקענט ארויסברייגגען קיין וואָרט און האָב איהר נאר אָנגעכאפּט ביי דער האנד.

— לאזט מיך! איך בעט איך! האט זיא געזאָגט, נאר איהר האנד האָט ניט ארויסגעריסען.

איך האָב איהר געשוואָרען, אז דורך מיר וועט איהר קיין שלעכטעס ניט געשעהן, נאר אפילו מיין שווערען איז געווען א פאלשעס, ווייל ביי וואס האב איך איהר געקענט שווערען? איך האָב איהר געשוואָרען ביי סאן יאגאָ. דאס מיידעל האָט מיט איהרע ביידע הענד אנגענומען מיינע און קוקענדיג אין מיך מיט צוטרוי און מיט טרערען אין דיא אויגען, האט זיא געזאָגט:

— יא, איך וועל פאָלגען דיא שטימע, וואָס רעדט אין מיר, אונגליקליכער קען איך שוין ניט ווערען. קומט מיט און איהר וועט אלעס ערפאהרען.

איך האָב איהר אָנגעבאָטען מיין ארם און זיא האט ארייגעלעגט איהר ציטערדיגע האנד.

— איך בין נאך קיין מאל אזוי געגאנגען מיט א מאנספערזאָן, האָט זיא געזאָגט אין דער שטיל.

איך האָב געזוכט צו בערוהיגען איהר, זיא האט קיין וואָרט געענטפערט און האט זיך נאך טיעפער איינגעהילט אין איהר מאנטילא.

ענדליך זיינען מיר צוגעקומען צו א קליין הייזעל.

— ביזטו דאס מאנועלא? האט זיך דערהערט א שטארקער קול און א קיי־לעבדיגע פיגור מיט א ליכט אין האנד האט זיך ארונטערגעקייקעלט וויא א פעסיל פון דיא טרעפ.

— איך האָב שוין דרייצעהן מאָל א ו ו ע מ א ר י א געבעטען, האט זיא ווייטער געזאגט, און פאר סאָנט יאגאָ א דרייפונטיגע ליכט צוגעזאגט, אויב דוא וועסט קומען בשלום א היים העי העי מיין זיס טייבעלע! וועמען האָסט דוא דאס מיטגעבראכט? איז דאָס דאָן אלפאָנזא, דיין שוועסטערקינד? מיינע אלטע אויגען זעהען שלעכט.

— דוא האָסט טאקע ניט גוט געזעהן, לאאורא, דאס איז ניט מיין שוועס־טערקינד, דאס איז א פרעמדער, איך מיין א גוטער פריינד, וואָס וויל אונז העל־פען, האט געזאָגט מאנועלא.

— האָב איך דען דיר שוין לאנג ניט געזאגט, אז ווען דוא וועסט געהען, וועלען מיר געהאָלפען ווערען? ווען איך בין געגאנגען האָט מען מיך אוועקגעשליי־דערט, וויא אן אויסגעטריקנטען פאָמיראנץ.

לאאורא האָט געהאלטען אין איין רעדען און האט זיך ניט געקענט אבוואונדערן

ווינ אזוי האט מאנועלא מיר ערלויבט צו געהן מיט איהר, און האט געהאלטען
אין איין לויבען מאנועלא'ס פרומקייט און איהרע גוטע זיטען. מאנועלא האט איהר
קוים געקענט מאכען שווייגען און ענדליך ווען זיא האט זיך שוין אננערעדט ווינ
א פויק און האט מיך גוט ארומגעקוקט, איז זיא ארויסגעגאנגען.

— סענאר, האט מאנועלא געזאגט צו מיר, אננעהמענדיג מיך ביי דער
האנד. סענאר, וואס קענט איהר פון מיר דענקען?

— איך דענק, אז מיר האבען זיךביידע ליעב, האב איך געענטפערט, קו־
סענדיג איהר האנד.

— יא, מיר ליעבען איינער דעם צווייטען. גאט אין הימעל ווייס, אז מיר
ליעבען זיך. אה, מוטער, מוטער! פאר וואס ביזטו אוועק פון דער וועלט, איידער
דוא האסט געזעהן דאס אונענדליכע גליק פון דיין קינד.

טרעהרען האבען זיך געגאסען איבער איהרע הייסע באקען בייא דיעזע
ווערטער.

— נאר דארף איך אייך ליעבען? האט זיא שטיל געפרעגט. קענט איהר
מיך? קען איך אייך?

— יא, מיר קענען זיך, האב איך געענטפערט. אין איינעם און דעמזעלבען
אויגענבליק האט ביי אונז ביידע זיך אנגעצונדען דער פונק פון ליעבע, און דארף
מען דען זיך קענען בעסער?

אה, מיין זוהן, איצטער, ווען איך שטעה שוין נעבען קבר פיהל איך נאך
ווינ מיין הארץ ציטערט אין מיר ביי דער ערינערונג פון יענעם אבענד. נאר
אונזער גליק האט באלד גענומען אן ענדע. מאנועלא האט זיך באלד דערמאנט
אן איהר פאטער. וואס געפינט זיך ביי דער אינקוויזיציאן אין דיא הענד, איך
האב איהר געפרופט טרייסטען און צוגעזאגט איהר דיא הילף פון מיין ברודער,
נאר דאס האט ניט פיעל געהאלפען, ווייל זיא האט געהאט זעהר ווייניג האפ־
נונגען.

דיא אלטע דיענסט איז אריינגעקומען מיט'ן עססען.

— ווינ הייסט דער אדעלער קאבאלערא? האט זיא געפרעגט אין דער שטיל
ביי מאנועלא.

איך האב געזעהן, אז מאנועלא איז אריין אין א פערלעגענהייט און האט
ניט געוואוסט, וואס צו ענטפערן.

— איהר קענט אנרופען מיין נאמען, האב איך זיך געשווינד אריינגעמישט.

אין דיעזען לאנד קלינגט דער נאָמען גאַנץ פיין. איך הייס אַלפאָנזאָ דע עספינאָזא.

מיר האָבען זיך געזעצט צום טיש און זיא האט אַלע ווייל געפרעגט ביי מאַנועלא, צו זעה איך ניט אויס פונקט וויא דער און וויא יענער.

— ביי גאָט'ס בלוט! האט זיא פּלוצים אויסגעשריען. איהר ווייסט ניט, וויא עס פרייהט מיך צו זעהן א מענער הוט דאָרטען אויפ'ן הענגער! צוויי פּרויענצימער אליין אין א הויז געפינען זיך, וויא פערלאָרענע שעפעלאך. און ווער ווייס נאָך וואס עס וועט זיין מיט'ן אַלטען פּאַלאַר?

ביי דיעזען נאָמען בין איך א דערציטערטער געוואָרען און איך האָב אָנגע־הויבען בעטען מאַנועלא, זיא זאל מיר דערצעהלען דיא געשיכטע פון איהר פּאַטער, נאָך א קורצען נאַכדענקען האָט זיא אנגעפאַנגען:

— איהר ווייסט וואהרשיינליך פון דעם דעקרעט, וואָס איז ארויסגעגעבען געוואָרען, אז אַלע מאָריסקישע פרויענצימער זאלען געהן מיט אָבגעדעקטע געזיכ־טער. אויך ווייסט איהר וואהרשיינליך, אז קיין גרעסערע שאַנדע, וויא דאס, איז ביי אונז ניטאָ. ווען מען האָט דיעזען דעקרעט איבערגעליינט צום ערסטען מאָל אויפ'ן מאַרק אין קאַרדיא, האָבען זיך דאָרטען געפינען פיעלע פרויען פון גרענאַדא, צום אונגליק האָט זיך דאָרטען אויך געטראָפען מיין אָנקעל'ס פרוי, דיא שטראַה־לענדע מירזא. איהר שעהנהייט איז געוועזען אַזוי גרויס. אז מען האָט געקענט גלוי־בען, אז א הייליגע איז אַראָבגעקומען פון גן־עדן אום גליקליך צו מאַכען איינעם פון דעם שפּאַנישען קאַליף. קיין מאָל האָט זיך ניט קיין פרעמדע האַנד צו איהר צוגעריהרט, קיין מאָל האָט אויף איהר קיין פרעמדען מאַנספּערזאָן'ס אויג אויף איהר געקוקט. און איצט האָבען דיא סאָלדאַטען איהר וויא אויך אַלע אַנדערע פרויען געשענדעט דערמיט, וואָס זיי האָבען אַראָבגעריסען פון זיי דיא שלייערס. ווען דיא פרויען האָבען זיך מיט א גרויסען יאָמער צוריקגעקעהרט אין גרענאַדא, האט מען שוין דאָרטען אַלעס געוואוסט. אַלע מאַאורען זיינען געוועזען שוין אין אויפשטאַנד. מירזא'ס מאַן אַבען הומעגא, האט מעהר פון איהר ניט גע־וואָלט וויסען, און האָט איהר פערשטויסען פון זיך, מיין פּאַטער, וואָס איז געוועזען זיינער א שוועסטער קינד, האט דאַמאַלס אַמיך געוואוינט אין גרענאַדא און איז געוועזען א קריסט. אין אויפשטאַנד האָט ער זיך ניט געוואָלט אַריינמישען, און האָט גרענאַדא ניט פערלאָזען, און צוליעב דעם איז ער פערהאַסט געוואָרען בייא זיין פאָלק, וויא ביי דיא שפּאַניער. אפילו זיינע ביידע זיהן זיינען אויף איהם

אויפגעבראכט געוואָרען און ווען דער שטורם פון אלהאמבראַ איז ניט געלונגען, זיינען זיי אנטלאָפען צו אבען הומעגא, וועלכער האט זיך פראָקלאַמירט אלס קעניג, און זיינען געפאַלען מיט גרויס כבוד אין דעם פערטיליגונגס־קריעג.

— יאָ, האָט איבערגעריסען דיא אַלטע דיענסט. איהר האט בעדארפט צו אונז פריהער קומען דאמאלס האָט ביי אונז גאָר אנדערס אויסגעזעהן, פלעמישע טעפּפּיכע אויפ׳ן באָדען, דיא ווענד בעשלאָגען מיט טאַפּעטען פון גאָלד און זייד, זילבערנע און גאָלדענע געשיער אויף דיא טישען און אין דיא שראַנקען......

מיר האָבען סוים שטיל געמאַכט דיא אַלטע און מאַנועלא האָט דערצעהלט ווייטער.

— דער אויפשטאַנד איז געוואָרען אונטערדריקט, א טהייל פון דיא מאַאורען זיינען ארויסגעשיקט געוואָרען, א טהייל איז זיך צולאָפען א טהייל איז געפאַלען אין פעלד און אנדערע זיינען פערפוילט געוואָרען אין דיא געפענגניסע. מיין פאָטער האָט צוליעב דעם קאַמפּף פערלאָרען זיינע גיטער. אזוי לאַנג, וויא דער גוטער מאַרקיז פאָן מענדעיאַר האט געהערשט אין גרענאַדא, האט מען מיין פאָטער געלאָזט אין רוה, נאר אזוי ניך, וויא דער מאַרקיז איז אראָב פון זיין שטעלע, האָט מען מיין פאָטער פערשפּאַרט אין געפענגניס, אלס א געהיימען אנהענגער פון דעם מחמדאנישען גלויבען. צו אונזער גליק איז גרענאַדא באַלד איבערגעגאַנגען אין דיא הענד פון דעם קעניג׳ס האלבען ברודער, דאָן זשואַן פון עסטרייך, וועלכער האָט גלייך בעפרייעט מיין פאָטער פון געפענגניס. מיר האבען זיך באַלד אריבערגעצויגען אהער, מיין פאָטער האָט געמיינט, אז דא וואו קיינער וויים ניט, אז ער שטאַמט ארויס פון דיא כאַליפען, וועט מען איהם לאָזען צורוה. א געוויסע צייט איז ווירקליך אזוי געווען, צעהן יאָהר צייט האָבען מיר געהאַט רוה, מיין פאָטער פלעגט יעדען טאָג געהן אין קלויסטער און דיא איבריגע צייט האָט ער פערבראַכט אין שטודירען וויסענשאַפטליכע מאַניסקריפּטען (כתבים) און אין מיין ערציהונג.

— מיט אָנדערהאַלבען יאָהר צוריק, האט זיא פאַרטגעזעצט, איז מיין מוטער געשטאָרבען פון א היץ־קראַנקהייט. דער פאָטער איז פון איהר דיא גאַנצע צייט ניט אָבגעטראָטען. ער האָט קיינעם געלאָזט צו איהר צוטרעטען, און פון איהר טויט אָן איז ער דעם שוועל פון הויז ניט אריבערגעטראָטען, אין קירכע ניט געגאַנגען, און מיט צוועלף וואָכען צוריק......אוי, איך וועל קיין מאָל יענע שטונדע ניט פערגעסען, האָבען צוויי קירכען־דיענער אנגעקלאַפּט צו אונז אין טהיר און אין נאָמען פון דער אינקוויזיציאָן געפאָדערט, מען זאָל זיי אריינלאָזען. איך האָב זיך ניט געך־

קענט ריהרען פון אָרט, און לאאורא האט זיי נעעפענט, זיי האָבען מיין פאָטער אוועקגעשלעפּט אין געפענגניס, אין א שטונדע שפּעטער איז יעדע זאַך ביי אונז אין הויז געווען דורכגעזוכט און פערזיעגעלט, און איך האָב אַלייז מיט מיינע אויגען געמוזט צו זעהן, וויא זיי האָבען ארונטערגעריסען אָט יענעם בילד פון מיין מוטער פון דער וואנד, דערקענענדיג, אַז דאָרטען איז בעהאַלטען אַן אוצר, אָדער וויא זיי האָבען זיך אויסגעדריקט, „אַז דאס שעהנע גאָטלאָזע פּרויענצימער האָט געקענט האבען פערשלונגען גאָלד.“

מאנועלא איז פּלוצים שטיל געבליבען.

— איך האָב אייך שוין אַלעס דערצעהלט, האָט זיא ווייטער געזאָגט. דאָס קען מיר ווייניג שאָדען, אבער דאס קען מיר אויך ווייניג נוצען ברענגען.

איך האָב אָנגעווענדעט אלע מיינע קרעפטען צו בערוהיגען איהר, נאר דאס געזיכט פון דער אלטער דיענסט איז מיר שטארק ניט געפעלען געוואָרען. ווען מאנועלא האט דערצעהלט וועגען דעם ארעסט פון איהר פאָטער, זיינען דיא אויגען ביי דער דיענסט געוואָרען וויא גלעזערנע, און מיט צוזאמענגעלעגטע הענר האָט זיא אין דער שטיל געבעטען.

עס איז שוין געווען נאך האלבע נאכט, ווען איך האב זיך צוריקגעקעהרט אין מיין האָטעל ווען איך האָב זיך אויפ׳ן צווייטען טאָג אויפגעכאפּט, האט מיר אַלץ געשיינט וויא א טרוים. ווען איך בין געקומען צו מאנועלא צום צווייטען מאָל האָב איך איהר געפונען גאנץ פערענדערט. דיא פערצווייפלונג וועגען דעם שיקזאַל פון איהר פאָטער און דיא געוויסענסביסע, וואס זיא האָט זיך אָהן זיין וויסען אזוי אנפערטרויט א פרעמדען, האבען איהר געמאכט אזוי, אז איך האָב איהר כמעט ניט דערקענט, איהר בענעהמען האָט מיך אריינגעבראכט אין צאָרן, און אז איך בין אַוועק צו געראָגימאָ בעטען פאַר איהר פאָטער, איז דאס נאר געווען אויס מיטלייד און ניט אויס ליעבע.

— דאס מיידעל, האט מיין ברודער געזאָגט צו מיר, ווען איך בין צו איהם געקומען, איז ענטוועדער א טייפעל אָדער א מלאך, נאר גיכער דאס לעצטע, ווייל קינדער קענען זיך אזוי ניט פערשטעלען. נאר וואס אנבעלאנגט דעם אלטען פּאלאָר קענסטו זיין רוהיג, איך קען מאכען, אז מען זאל איהם באלד בעפרייען, כאָטשע ער איז אזא קריסט, וויא דוא און איך, נאר מען האט ביי איהם געפונען ווייניג געלד און מעהר וויא געלד האבען זיי פון איהם ניט געוואָלט.

איך בין פון איהם אַוועקגעגאנגען און זיך געגעבען דאס ווארט מעהר צו

מאנועלא ניט צו געהן, ביז איך וועל בעפרייען איהר פאטער. דיא נאכט האב איך פערבראכט אין דער געזעלשאפט פון מיינע סאמעראדען, וועלכע האבען ניט גע־סענט פערשטעהן, וואו בין איך פערפאלען געוואָרען פון נעכטען אָן.

אויפ'ן צווייטען טאָג בין איך ווידער געקומען צו מיין ברודער און האָב זיך שטארק פערוואונדערט, ווען ער האט מיר געזאָגט, אז איך קען דעם אלטען אהיים נעהמען.

— וויא עס ישיינט, האָט מיין ברודער געזאָגט מיט א שמייכעל, דענקען זיי ניט, אז דער אלטער איז ווערטה דעם פייער.

איך האָב לאנג געוואַרטביים אריינגאנג פון דעם אונטעראירדישען קערקער וואו קיין אנדערער, אויסער אן אָנגעקלאגטער, האט ניט געטאָרט אריינגעהן. ענד־ליך איז דער אלטער ארויסגעגאנגען. ער האָט קוים געקענט קוקען אויף דער שיין פון דער זון, טהרערען זיינען איהם געשטאנען אין דיא אויגען און ער איז געווען אין גאנצען צובראָכען. איך האָב איהם געמוזט פיהרען, ווייל געהן האָט ער ניט געקענט, איך האָב איהם דערצעהלט, וואָס צווישען מיר און זיין טאָכטער איז פאָר־געקומען דעם טאָג, וואָס איך האָב איהר בעגעגענט; ער האָט דאביי א שמייכעל געטהאָן, אזוי וויא ער וואָלט פון מיינע רייד דערקענט, אז איך בין פערליעבט אי'ן איהר, נאר ווען איך האָב געזאגט, אז זיין קינד וויים נאָך ניט פון זיין בעפרייאונג, האט ער אויף מיר אווילדען קוק געטהאָן און האָט אָנגעהויבען עפּעס שטיל צו מורמלען, מיר איז געוואָרען אונהיימיש מיט איהם, ענדליך זיינען מיר אָנגעקומען צו זיין הויז, פון שטוב האָט אונז קיינער ניט בעמערקט און אזוי זיינען מיר ארויף אויף דיא טרעפּ און אין זיין צימער, וואו ער האָט זיך מאכטכאָז ארונטערגעלאָזט אין זיין פאָטעל.

אין צימער איז קיינער ניט געווען, איך האָב געעפענט דיא טהיר פון צוויי־טען צימער, און האָב דערזעהן, וויא דיא דיענסט איז געשטאנען איבער א בעט, וואו מאנועלא איז געלעגען און געדרימעלט, דאן אנטאָניא פאלאר איז אויך צוגע־קראָכען צו דער טהיר און האָט אריינגעקוקט, פּלוצים האט אונז דיא אלטע דער־זעהן, עס האָט געשיינט, אז זיא האָט ניט געגלויבט איהרע אויגען, ווייל א פאָר מאָל האט זיא א פיהר געטהאָן מיט דער האנד איבער זיי, און פּלוצלים האָט זיא ארויסגעלאָזט א שרעקליכען געשריי:

— יעזוס מאריא! דער הערר! דער הערר!

מאנועלא האָט זיך אויפגעכאפּט ניט טויט ניט לעבענדיג, אָנפאנגס האָט

איהר אויף געשיינט, אז זיא זעהט א חלום, נאר ווען דער אַלטער האָט צו איהר געזאגט: „מאַנועלא, מיין קינד!" האט זיא זיך א וואָרף געטהאָן צו איהם מיט א געוויין אויפ'ן האלז.

א לאַנגע צייט זיינען זיי אַזוי געשטאַנען ארומגענומען, פערגעסענדיג דיא גאַנצע וועלט, ענדליך האָט זיך דער אַלטער ארויסגעריסען פון איהרע ארמען און האט אויסגעווישט דיא אויגען.

— לאָז מיך, לאָז מיך, מיין קינד! נאָך דיא לאַנגע פּיינונגען קען איך קוים פערטראַגען דיינע קוסען. קום צו, זיך מאַנועלא! זעה דאָרט אונזער פריינד, אונזער רעטער, דאָן אַלפאָנזאָ, איהם דארפען מיר דאַנקען, גאָט האָט איהם אויסגעקליבען פאר א שליח, ער זאל אונז ערלעזען פון אונזער נויטה.

מאַנועלא האָט אָנגעכאַפּט מיין האנד און האט איהר בעדעקט מיט טרערען און מיט קוסען.

— פערצייהעט מיר, גרויסער הערר איך האָב ניט פערשטאַנען אייער מאַכט און גרויסקייט; פערצייהעט אַן אָרימער מיידעל.

— הער אויף, מאַנועלא. אַזוי דאַנקט מען ניט, האט געזאָגט דאָן אַנטאָניאָ, און מאַנועלא האָט איהם גלייך געפאָלגט.

פון דאַמאָלס אָן פלעג איך יעדען טאָג קומען צו מאַנועלא, איהר פאָטער איז געווען זעהר קראַנק. זיינע מוסקולען זיינען שרעקליך אָבגעשוואַכט געוואָרען דורך דיא פּיינונגען וואָס מען האָט איהם אָנגעטהאָן. נאר דאס האט דער דאָקטאָר געדענקט, וועט ער זיין אימשטאַנד אויסצוהיילען, אבער ער נעהמט זיך ניט אָן אויסצוהיילען זיין רוהע, וועלכע ער האָט פערלאָרען אין געפענגניס.

דאָן אַנטאָניאָ האט אונז בעשוואָרען, מיר זאלען אויסזאָגען דעם ריינעם אמת וועגען זיין צושטאַנד, און ער איז אריינגעפאלען אין א שרעקליכען צאָרן, ווען ער האָט זיך דערוואוסט.

— דער מענש, האָט ער צו מיר א מאָל געזאָגט, איז דאס ערגסטע בעשעפענים אויף דער ערד. וואו האָט מען דאָס געזעהן, אז א חיה זאל בעהאַנדלען א צווייטע פון איהר מין מיט אַזאַ אונבארעמהערציגקייט, וויא דער מענש. אמת, ווילדע חיות בעפאַלען שוואַכערע פון זיך און זויגען אויס זייער בלוט אדער צורייסען זיי אויף שטיקער. נאר דאס טהוען זיי, אום צו דערהאַלטען זייער לעבען. איז דען דער מענש, וואָס וועַנדעט אָן זיין פערשטאַנד, אום אויסצוקלערען נייע מיטלען וויא צו פּייניגען זיינע מיטמענשען, און האָט אויסגעגראָבען גריבער צו

פערשטופען דאָרטען זיינע חברים און לאָזען זיי לעבעדיגערהייט פערפוילט ווערען, — איז דען דער מענש טויזענדער מאָל ניט ערגער, וויא דיא ווילדעסטע בעסטיע? אָה, ווען איך זאל נאר......

דאָ האט ער זיך איבערגעריסען און האָט אָנגעהויבען צו קריצען מיט דיא ציינער, מאנועלא האט אלעס אנגעווענדעט ארויסצובריינגען איהם פון דיזען שרעקליכען צושטאנד. זיא האָט פאר איהם געשפיעלט אויף דער גיטארע, האט געזונגען און דערמאָנט איהם אלע פריילינע עפיזאָדען פון איהר לעבען און דערווייל האָט זיא מיר נאָך מעהר בעוויזען דיא אינערליכע רייכקייט פון איהר נאטור, מיר האָבען זיך געליעבט מיט יעדען טאָג מעהר. און ווען דאן אנטאניא האט אָנגעהויבען זיך צו פערבעסערען האָב איך צו איהר א מאָל געזאגט:

— מאנועלא, דארף איך ריידען ענדליך מיט אייער פאָטער וועגען אונזער פערבינדונג?

— איך בעט אייך, האט זיא געענטפערט און איז רויט געוואָרען ביז איבער דיא אויערן, רעדט מיט מיר ניט וועגען אזעלכע ערנסטע זאכען, איך בין נאָך צו יונג.

איך האָב איהר געבעטען, זיא זאָל מיר זאָגען, צו זיא וויים, וואָס דענקט איהר פאָטער וועגען דעם.

— ניין, האָט זיא קורץ און שארף געענטפערט.

— און וואָס דענקט איהר צו טהאָן, ווען אייער פאָטער וועט ניט איינוויללינגען.

זיא האָט מיר געענטפערט ענטשלאָסען:

— ביי מיר איז דיא פפליכט פון א קינד צום פאָטער העכער פון אלעס.

זיא האָט ווייטער ניט גערעדט, ווייל אין דער מינוט האָט זיך דערהערט דאָן אנטאָניאָ׳ס שטימע פון דעם צווייטען צימער:

— וואָס איז דאס פאר א ליארם? איבער וואָס קריגט איהר זיך?

— דאָן אלפאָנזאָ וויל מיר ניט גלויבען, אז ערסט מיט א מאָנאט צוריק בין איך אלט געוואָרען פופצעהן יאָהר.

— שוין, מיין קינד, זאג בעסער שוין, ווייל וואָס מען ווערט עלטער, איז אלץ ערגער.

— מאנועלא האט ניט דאס געזאָגט, האב איך זיך געווענדעט צו איהר

פאַטער, ווען ער איז אריין אין אונזער צימער. זיא האָט מיר ניט געוואָלט גלויבען אז איך רייז מאָרגען אָב.

— דאס טהוט מיר זעהר לייד, האָט דער אלטער געזאָגט. איך וואָלט אייך גערן געהאט שטענדיג נעבען זיך. אין מיינע יאָהרען געוואוינט מען זיך צו זעהר שווער צו א נייען פריינד, איבערהויפט נאך צו א יונגען. איך וואָלט זיך געוואונשען נאך א מאָל יונג צו ווערען אום קענען ווערען אייערער אן אמת׳ר חבר.

— וואָלט ניט בעסער געווען איהר זאָלט ווערען מיין פאָטער?

איך האָב געפיהלט, אז דאָס גאַנצע בלוט האָט מיר אריינגעשפּארט אין געזיכט אריין און האָב געזעהן, וויא שטארק מאַנועלא איז רויט געוואָרען.

— געה אריין צו אונזער נאכבאר, מאַנועלא, און נעהם אָב דאס בוך, וואָס ער האָלט שוין אזוי לאנג.

מאַנועלא איז אַרויסגעגאנגען.

— איהר ווייסט ניט, פיעל דאנק איך בין אייך שולדיג, האט דאָן אנטאָניאָ געזאָגט צו מיר; עס איז ניט אין דער נאַטור פון א מאַנספּערזאָן צו פערקליידען א דאנק אין זיסליכע ווערטער, נאך דיא לעהרען פון אונזער רעליגיאָן, טאָרען מיר קיין דאנק ניט פערלאנגען און קיינעם ניט געבען, ווייל מיר זיינען נאָר ווערק־צייג ביי גאָט אין דיא הענד. און אפשר האָבען מיר טאקע צו פערדאנקען דעם, וואס דיא וועלט איז אזוי פול מיט אונדאנקבארקייט. נאר איהר קענט פון מיר פערלאנגען יעדע זאך וואָס איך האָב, אבער מיין קינד, מיין מאַנועלא, קען איך ניט אוועקגעבען. זיא איז מיר אזוי נויטהיג, וויא דיא לופט און כל זמן איך אטהעם וועט זיא ניט זיין קיין מאַנ׳ס ווייב. דרינגט ניט ווייטער, ווייל עס וועט אייך גאָר ניט העלפען.

איך בין וויא א פערגליווערטער געוואָרען און האָב ניט געקענט ארויסברענגען א וואָרט פון מויל. טרערען האָבען זיך מיר געשטעלט אין דיא אויגען. איך האָב געכאפּט מיין הוט און בין אוועקגעגאנגען. דאָן אנטאָניאָ האט מיר נאָכגעשריען, אז איך זאָל פערבלייבען, נאר איך האָב זיך ניט אומגעקוקט. אויף דיא טרעפּ האָב איך בעגעגענט מאַנועלא, האָב קוים אויף איהר א קוק געטהאָן און געלאָזט זיך געהן ווייטער.

איך בין אוועק צו גראַנימאָ, האָב איהם ערקלערט מיין ענטשלוסס וועגען מיין אָברייזען און דיא אורזאכע דערפון.

— גלויב מיר, אז ניט פון מאַנועלא ווילסטו אנטלויפען, נאָר פון זיך אליין.

אָבער פון ליעבע אנטלויפט מען ניט, זיא לויפט נאָך וויא א שאָטען. פון דערוויטענס רייצט זיא נאָך מעהר. איין וועג איז נאָר פאראן. ענטוועדער איבערצייג זיך, אז מאַנועלא איז דיינע, אדער זיא איז ניט ווערטה זיא זאל זיין דיינע, אזוי וויא דוא האב איך א מאָל שטארק געליעבט, מיין טוידטע איזאבעלא לעבט נאָך ביי מיר אין הארצען און וועט דאָרטען לעבען, ביז עס וועט אויפהערען צו שלאָגען. גלויב מיר, אז דיא ערסטע ליעבע איז קיין שפיעלכעל ניט, און דארום זעה צו ראטע־ווען דיא ערסטע ליעבע. דיר פערבלייבט נאָר איין וועג, דוא מוזט זעהן, נאָך א מאָל מאַנועלא.

אויף מאָרגען אין דער פריה בין איך אוועק צו מאַנועלא.

— זעהסט, פאָטער? איך האָב געזאגט, אז ער וועט ניט אנטלויפען, האָט מיך מאַנועלא בעגעגענט. און איצט וועט ער מוזען באָטשע נאָך דריי טעג פער־בלייבען אין סעווילא.

— איך וויל אייך ניט פערשאפען מעהר קיין אונבעקוועמליכקייטען, סענאָרא.

— אויב אזוי, איז בעסער מיר זאָלען זיך שיידען, וואס גיכער. דען וויא איך זעה, וועט איהר אזוי גיך פון אייער צורייצטקייט ניט ארויסקריכען. עס איז בעסער, אז צווישען אונז זאלען פערבלייבען גוטע עראינערונגען. פאר אונז לינט א דונקעלע צוקונפט פון שיידען זיך און עס איז גלייכער, אז מיר זאָלען איהר ניט מאכען פינ־סטערער, מיין פאָטער ווייס, וויא שטארק איך האָב אייך ליעב; איך האָב פאר איהר נאר ניט פערבארגען, הלואי זאָלט איהר מיך אזוי שטארק ליעבען. נאָר אויב איך קען ליעבען, קען איך אויך פאָלגען.

דאָן אטאָניאָ איז געזעסען אין פאָטעל. איינגעוויקעלט אין זיין שלאָפראָק.

— האָט שוין אייער ליעבע א סך אויסגעהאַלטען? האָט ער געפרעגט. דיא שטארקייט פון ליעבע דערקענט מען אָן דיא צרות, וואָס זיא האלט אויס. וואָס פאר א נסיונות פון אונגליקען איז אייער ליעבע ביינעשטאַנען?

— זיא איז אין אונגליק געבאָרען געוואָרען, האָב איך געענטפערט אין כעס. נאר אזעלכע זאכען פערגעסט מען גערן און שנעל.

— וואָס ווילט איהר? האָט ער א געשריי געטהאָן, אויפהויבענדיג זיך פון זיין שטוהל און דאָס גאַנצע לייב האָט אויף איהם געציטערט. וואָס ווילט איהר פון מיר? ווייל איהר האָט געהאט דאָס מזל מיר בעהילפיג צו זיין ביי דער רעטונג פון מיין לעבען, ווילט איהר מיר דאָס לעבען דאָפּעלט און דרייפאַך אוועקרויבען, צונעהמענדיג ביי מיר דיא ליעבע און געהאָרבזאמקייט פון מיין איינציג קינד? איך

האָב אייך אַלעס אוועקגעגעבען, שטאָלצע שפּאַניער, איהר האָט טראָפּענווייז אויס־געזויגען דיא מארך און בלוט פון מיין שטאם. איך בין איצט פערבליעבען איינער, אמת, אן אויסגעדארטער און צובראָכענער בוים; נאָר אזוי וואהר, וויא דאס בלוט פון דיא אלטע פּאלאָרס־רינט אין מיינע אָדערן, אזוי לאנג וועט איהר ניט רויבען מיין קינד פאר מיין לעבען, אזוי לאנג וויא דיא האנד האָט נאָך קראפט גענוג אריינצוזועצען אַ דאָלך אין דעם שוואכען מיידעל׳ס ברוסט, וועט איהר ניט האָבען מאַנועלא. געהט! איך אלטער נאר, האָב זיך נאָך אַ מאָל געלאָזט אָבנארען; איך האָב געמיינט, אז איהר זייט בעסער פון דיא אנדערע, געהט! איהר זייט אויך אזוי גייציג און ליסטיג וויא דיא אנדערע.

זיין שטימע האָט געקלונגען, וויא אַ געשריי צום קאמפף, זיינע פערלאָפּענע מיט שוויים ליפּען האָבען געציטערט פאר כעס, און קראפטלאָז האָט ער זיך צוריק ארונטערגעלאָזען אויפ׳ן שטוהל.

מאַנועלא איז צו איהם צוגעלאָפען און האָט איהם מיט אַ געוויין געבעטען, ער זאָל זיך בערוהיגען.

— גאָט! וואוהין זאל איך זיך ווענדען.

איך האָב זיך באלד געכאפּט, אז איך האָב געמאכט אַ פעהלער און בין צוגעגאנגען צו דאָן אנטאָניאָ און געגעבען איהם דיא האנד און געבעטען איהם, ער זאָל פערגעסען מיינע ווערטער, אזוי וויא איך וועל פערגעסען אן זיינע, דאמיט מיר זאָלען זיך קענען צו שיידען אין פריעדען.

ער האָט מיט געפיהל אָנגענומען מיין האנד.

— איהר האָט מיך צו שטארק געררייצט, האט ער געזאָגט, דאָן אנטאָניאָ: דע פּאלאָר איז קיין מאָל ניט געוועזען אונדאנקבאר און האָט אבער קיין מאָל ניט ערלויבט אזעלכע ווערטער צו ווארפען איהם אין געזיכט אריין. מיין קינד איז מיינס, מיין אייגענס, וויא מיין רעכטע האנד, זאל איך איהר אויס דאנקבארקייט אָבהאַקען און אייך אוועקשענקען? איך בין שוין מעהר ניט אין כעס, האט געדולדט. איך האָב נאָך דורכצולויפען אַ קורצען שפּאַן לעבען. איך וועל אייך דיא צייט ניט מאכען לאנג.

ער האָט זיך אָבגעהאלטען און זעהר אָנגעשטרענגט זיין בליק אויף אונז, אום צו זעהן וויא זיינע ווערטער האָבען זיך אָבגעשפּיגעלט אויף אונזערע געזיכטער.

וואהרשיינליך האָט איהם דער אויסדרוק פון אונזערע געזיכט ער בערוהיגט ווייל ער האט גענומען ווייטער רעדען מיט אַ ווייכערע שטימע:

— איך בין ניט אזוי שלעכט, אין נעגענטהייל, איך האָב אין זינען קומענדען פריהלינג אריבערצוציהען אין גואדאלאיארא, אום אייער פאָטער זאָל מיר מיינע נייסטינגע און קערפּערליכע אוינען מאכען שארפער.

— אָה, דאס איז אויסגעצייכענט, האט מאנועלא אויסגעשריען.

— איך וועל אייך אזוי אויפּפּאסען, אז איהר וועט גאנץ יונג ווערען, האָב איך געזאָגט.

— איהר וועט אונז אנטגעגען קומען? ניט אמת? האט מאנועלא געפּרעגט.

אין איין מינוט האָבען מיר אלעס פערגעסען. מיר האָבען אָנגעהויבען צו ריידען וועגען דער צוקונפט און וויא מיר וועלען פערברענגען דיא טעג. דאָן אנטאָניאָ איז געזעסען שטיל, איך האָב פערשטאנען, אז נעהמען אבשייד דארף מען איצט, ווען אלע זיינען אין א גוטען מוטה. איך האָב זיך אויפגעהויבען און בין צוגעגאנגען צום אלטען און דערלאנגט איהם דיא האנד צום געזעגנען.

— פאָהרט געזונד, דערמאָנט אונז ניט צו קיין שלעכטען, און גריסט פון מיר אייער ווירדיגען פאָטער.

— וועלען מיר זיך באלד ווידער זעהן? האָב איך געפּרעגט:

ער האָט מיר א דריק געטהאָן דיא האנד און צוגעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ.

— זייט געזונד, מאנועלא, האָב איך געזאָגט צו איהר.

— א גליקליכע רייזע! האָט זיא מיר געוואונשען מיט א פעסטער שטימע. איך ווייס זיכער, אז איהר וועט מיך ניט פערגעסען, און אויב עס איז בעשערט, אז מיר זאָלען איינער דעם צווייטען געהערען, וועלען מיר שוין איינער דעם צוויי־טען געפינען, אויב ניט, וועט ווייגען גאָר ניט העלפען. אונזער פּפליכט איז צו זיין געהאָרכזאם. אויב איהר וועט חתונה האבען מיט אן אנדערע, ווינש איך אייך גליק. נאר זיא וועט אייך ניט ליעב האבען שטארקער וויא איך. קיינער סען מיר ניט פערבאָטען אייך ליעב צו האָבען און איך וועל אייך ליעבען ביז׳ן טוידט און נאָכ׳ן טוידט, פאָהרט געזונד.

ווען איך בין ארויסגעגאנגען האט מיר דיא דיענסט אָבגעהאלטען אויפ׳ן שוועל.

— אזוי פיהרט זיך שוין דיא וועלט, האָט זיא אָנגעהויבען, קוסענדיג דעם זוים פון מיין מאנטעל. מיר איז שוין אזוי בעשערט, אז אן מיר פערגעסען אלע, פאר מיר האָט קיינער ניט א גוט וואָרט, נאר דאס קאָסט זיי טהייער. ווען איהר סענאָר, וואָלט ניט געוועזען אזוי שטאָלץ און ווענדען זיך צו מיר, ווען איהר האָט

דאס ערסטע מאָל געבראכט דיא סענאָרא אהיים, וואָלט איהר א סך בעסער גע־מאכט. מיט אזא מענשען, וויא דער אַלטער איז, דארף מען זיך בענעהן אַנדערס, דעם ציטראָן קוועטשט מען אזוי שטארק, ביז ער גיט זאפט. ווען איהר וואָלט איהם צוגעקוועטשט דאָרטען ווען ער איז געזעסען אין לאָך, וואָלט ער אייך אַלעס נאָכ־געגעבען. און איצט רייד צו איהם און רייד צו דער וואנד איז אַלץ איינס. נאָר איהר קומט וואָס גיכער צוריק, און לאָז דיא אַלטע לאאורא זאָרגען, איהר וועט זעהן, אז אַלעס וועט דאמאלס געהן גוט.

ביז היינטיגען טאָג ווייס איך ניט, פאר וואָס איך בין געשטאנען און אויס־געהערט, וואס זיא האָט צו מיר גערעדט. פאר׳ן אוועקגעהן האָב איך איהר גע־געבען עטליכע דובלאָנען, נאָר זיא האָט זיך כלומרשט געלאָזט בעטען, מיט דער טענה אז זיא האָט זיי ניט פערדיענט, נאָר ענדליך האט זיא זיי צוגענומען; און געזאָגט מיט א דאנקבארע מינע:

— איהר האָט פריהער בעדארפט איינזעהן, אז מתנות צוברעכען אפילו שטיי־נער, האט איהר עפּעס מיר צו זאָגען, אז איך זאָל איבערגעבען מאנועלא?

— ניין, האָב איך געענטפערט און בין אוועקגעגאנגען.

א יאָהר איז אריבער, צוויי מאָל האָב איך געשריבען צו מאנועלא און צו איהר פאָטער און האָב קיין ענטפער ניט בעקומען. איך האָב ניט געוואוסט וואָס אי־בערצוקלערען, עס האָבען זיך גענומען ארומטראָגען קלאנגען, אז דיא קריסטליכע מאַ־אורען און דיא קריסטליכע אידען וועט מען ארויסשיקען פון שפאניען נאך אפריקא. מיט א מאָל האָב איך זיך דערוואוסט, אז ראָדריגא קאססערעז, מיין בעסטער גוטער פריינד, פאָהרט נאך סעווילא, איך האָב איהם מיטגעגעבען א בריעף צו זיי, און האָב געשילדערט פאר מאנועלא דיא שרעקליכע צוקונפט, וואָס ערווארט אונז און האָב געבעטען איהר און איהר פאָטער, אז זיי זאלען וואָס גיכער קומען צו אונז, דאמיט מיר זאלען צוזאמען זעהן, וואס אונז בלייבט צו טהאָן.

מיט א צייט שפּעטער האב איך אין א שעהנעם טאָג געשפּאצירט אונטער דער שטאָדט און בין געווען פערזונקען אין מיינע זאָרגען. אויפ׳ן וועג האָב איך דערזעהן אָנקומען א וואָגען ווען איך בין צוגעקומען נעהענטער, האָט זיך פון וואָ־גען פלוצים דערהערט א געשריי און איין אויגענבליק איז א מיידעל ארויפגעפאַ־לען מיר אויפ׳ן האלז, דאס איז געווען מאנועלא. איך האָב איהר צוריק אריינגע־זעצט אין וואָגען, בין אליין אויך אריינגעשטיגען און האָב אראָבגעלאָזט דיא גארדינען. דער אַלטער פּאלאָר וועלכער איז געזעסען איינגעקאָרטשעט אין א ווינקעל

האָט זיך אויך שטאַרק דערפרייט מיט אונזער בעגעגניס.

— ווען דאס טראַסקענען פון וואָגען זאָל לייגגער געדויערען, וואָלט מאַנועלאַ מיך געבראַכט א טויטען אין שטאָדט אריין, נאר האט קיין מורא ניט, קינדערלאך; איהר וועט לאַנג ניט דאַרפען וואַרטען.

זיינע רייד האָבען מיך ווידער שיער ניט ארויסגעבראַכט פון זיך, נאָר מאַנועלאַ האָט עס מיט איהר קלוגען פרויען־טאַקט ווידער גוט געמאַכט.

ווען מיר האָבען זיך זאַט אָנגערעדט, האָב איך איהר געפרעגט, וואָס מאַכט לאַאורא.

— זיא איז טוידט, דיא פאַלשע שלאַנג, האָט מאַנועלאַ געענטפערט. הערט וואָס מיר האָבען מיט איהר געהאַט; מיט זיבען מאָנאַט צוריק איז מיין פאָטער שווער קראַנק געוואָרען. און לאַאורא האָט קיין אַנדערע זאַך ניט געהאַט צו טהאָן וויא אויך קראַנק צו ווערען, מען האָט איהר צוגענומען אין האָספּיטאַל סאַן לאָרענס, אויף וועלכען זיא האָט אָנגעשריעבען איהר גאַנץ פערמעגען, און איהר פערמעגען איז ניט געווען קיין קליינער, איהר קראַנקהייט האָט זיך שנעל ענטוויקעלט און מיט יעדען טאָג איז איהר טויט גיכער געקומען. פאַר'ן שטאַרבען האָט זיא נאָך מיר געשיקט; מיר האָט זיך זעהר ניט געגלוסט צו געהן, נאָר מיין פאָטער האָט מיר געהייסען געהן און איך בין אַוועק.

— איך האָב איהר קוים דערקענט, אזוי אָבגעמאַגערט איז זיא געוואָרען, נאָר איהר צונג האָט דערפון ניט געליטען, מיט קרעכצען און וויינען האָט זיא זיך פאַר מיר מודה געווען, אז דאס איז געווען זיא, וואָס האָט איהר פריסטער ביים מתודה זיין זיך דערצעהלט, אז מיין פאָטער געהט ניט אין קלויסטער און אין שטילערהייט בעט ער צו זיין אַלטען גאָט. אמת, דער פריסטער האָט איהר נאָך דאַמאַלס פערגעבען איהרע זינד, נאר זיא וויל, אז איך זאָל איהר אויך פערגעבען פאַר דעם אונגליק, וואָס זיא האָט אויף אונז געבראַכט. איך האָב איהר פערגעבען, אבער איך מוז זיך מודה זיין, אז ניט פון גאַנצען הארצען.

— נאָך א קורצע צייט זיינען מיר אָנגעקומען אין שטאַדט.

מיין פאָטער האָט זיך שטאַרק דערפרייט מיט דיא געסט, מיר האָבען באַלד גענומען זיך צוגרייטען צו א באַלדיגען אָבפאָהרען, דאָן אַנטאָניאָ איז געווען זעהר קראַנק, נאָר מיין פאָטער, וואָס איז געווען דער בעסטער דאָקטאָר אין ניי־באָסטיליען, האָט געזאָגט, אז דער קראַנקער קען זיך מאַטערען נאָך א לאַנגע צייט. און וויא ערשטוינט זיינען מיר געווען, ווען מיר האבען איהם אין איין שעהנעם פריהמאָרגען

געפונען טויט. מיין פאָטער האָט באַלד געזאָגט, אַז ער איז ניט געשטאָרבען מיט א נאַטירליכען טוידט, און ווען מען האט אראב געצווינגען דיא קליידער פון דעם טוידטען האט מען אויסגעפונען, אַז ער האָט געטראָגען אויפ׳ן האַלז א קליינע פלעשעלע און מיין פאָטער האָט בעהויפּטעט, אַז עס האָט געמוזט זיין גיפט. מאַנועלאַ האט אָבער דערפון ניט ערפאהרען.

ווען מאַנועלאַ האָט דערזעהן דעם טוידטען קערפּער פון איהר פאָטער איז זיא אין אָהנמאכט געפאַלען; מיט שווערער מיה איז אונז אַלעמען געלונגען איהר אָפּצומינטערען. נכאדעם וויא מען האָט דעם טוידטען אבגעגעבען זיין לעצטע עהרע האבען מיר אנגעהויבען זיך פערפערטיגען צו דער רייזע אבער וויא ערשטוינט בין איך געוואָרען אלס איך האב געפונען מאַנועלאַ זיצענדיג אין א ווינקעלע און וויינענדיג שרעקליך, איך האב איהר אנפאנגס געוואָלט צו רוה לאָזען און נאכדעם איהר אביסעל בערוהיגען, אבער זיא האט א מיטליידענדען בליק געטהאָן אויף מיר און האָט אויסגערופען, — „האט רחמנות אויף מיר אן עלענדע יתומה און שיקט מיר אָפּ צו מיין אָנקעל נאך וואַלענסיא, ער האָט מיין פאָטער געהאסט אבער זיין שוועסטער׳ס קינד וועט ער ניט פערשטויסען. וויא גערן וואָלט איך ביי אייך פערבליעבען אבער צווישען אונז שטעהט אן אייזערנע וואַנד.

איך בין געוואָרען שרעקליך אויפגערעגט און האב צו איהר זיך אָבגערופען —“ אזוי האָט איהר מיך געליעבט! ווען איהר האָט געמיינט, אז איך בין א פרומער קאַטאָליק, האט איהר מיך געוואָלט הייראטהען, איצט אז איהר האָט, איך וויים ניט וויא אזוי, ערפאהרען, אז איך בין א געהיימער איד, ווילט איהר פון מיר מעהר ניט וויסען. איך וועל בלייבען א איד, און איהר פאָהרט צו אייער אָנקעל, קיינער וועט אייך ניט שטערן. (איך האָב געמיינט אז זיא האָט זיך דערוואוסט אז מיר זיינען געהיימע אידען.)

— איהר זייט גרויזאם, סענאָר. פון אייער זייט וואָלט געווען פיעל שעהנער אויפצוואוארפען מיר, איך בין א מאהאָמעדאנערין ......

א שטראָם טהרערען האט איהר פערשטיקט אין האַלז.

— אָ פאָטער, פאָטער! פאר וואָס האסטו מיך ניט מיטגענומען אין קבר אריין? זעה, וויא מען בעגעהט זיך מיט דיין־טאָכטער!

פלוצים האָט מיר א לייכט געטהאָן א ליכטיגע שטראהל, איך האָב מיט א מאָל פערשטאנען, אז מיר לעבען ביידע אין אן אירטהום, און איך האָב איהר

ערקלערט, אז איך בין ווירקליך א געהיימער איד. זיא איז געוואָרען רוהיגער, האָט מיר דערלאַנגט איהר האנד און געבעטען אום פערצייהונג.

נאָכדעם וויא זיא האָט זיך אביסעל בערוהיגט, האָב איך איהר גענומען ערקלערען דיא פערשיעדענהייט פון רעליגיאָנען פון דעם שטאַנדפּונקט פון ליעבע־דע, ווען גאָט וואָלט ניט איינגעווילינגט אויף אונזער בונד, וואָלט ער אונז ניט געוואָען צוזאַמענגעבראַכט. גאָט איז נאָר איינער. מען דארף ניט קוקען, וואָס דיא ביכער און פריסטער זאָגען. גאָט זאָל מיר פערגעבען יענע רייד, זיא האָט מיך רו־היג אויסגעהערט און דאַן געענטפערט:

— וואָס האָב איך אזוינס געטהאָן, אז איך, שוואַכעס מיידעל, זאָל דארפען זיין פאַר דער וועלט א קריסטין און אין הארצען א מוסולמאַנין און צוּ ענדע אָבזאָגען זיך פוןביידע און ווערען א אידיש קינד. טהוט מיר א טובה, רעדט מיט מיר ניט ביז מאָרגען קיין וואָרט, קיין מענש קען און טאָר מיר דאָ ניט ראטהען, איך וועל זיך אליין איבערלעגען און מאָרגען אין דער פריה וועל איך אייך זאָגען אַן ענטפער.

איך האָב פערבראַכט זעהר אַן אונרוהיגען טאָג, מאַנועלאַ האָט איהר צימער ניט פערלאָזען, נאָר אויף מאָרגען האָט זיא רוהיג ערקלערט, אז זיא איז בערייט אנצונעהמען דיא רעליגיאָן פון מיינע עלטערן און צו ווערען א פרומע אידיש קינד.

דאס איבריגע, וויא מיר זיינען אנטלאָפען פון שפּאַניען, וויא מיין פאָטער איז אויפ'ן וועג געשטאָרבען, און וויא מיר האָבען זיך בעזעצט אין אמסטערדאַם, ווייסטו אליין, דיין זעליגע מוטער פלעגט עס דיר דערצעהלען.

דער גוטער גאָט וועט מיר פערגעבען, אויב איך האָב עפּעס געטהאָן אונ־רעכט. מיר האבען אלעס אויפגעגעבען, אום איהר, אונזערע קינדער, זאלט קענען לעבען אין פריעדען און ניט זיין געשטערט אין אונזער גלויבען. דוא מעהר וויא אלע, מיין זוהן.

דאס איז דיא געשיכטע פון מיין לעבען, פון מיין ליעבע, געשריעבען פאר מיין איינציגען זוהן אליין.

---

7מעס קאפּיטעל.

## תלמוד און ליטייניש.

ברוך'ס האַנד האָט געציטערט, ווען ער האָט דיא בלעטער אַנידערגעלעגט. זיין שטערן איז געווען הייס.

— וואָס פאַר אַ מיש־מאַש איז דאָס לעבען פון דער מענשהייט, וואָס ווערט איינגעטהיילט אין שטאַמען און סעקטען, וועלכע האַססען און פערפאָלגען איינער דיא צווייטע, און יעדע פון זיי דענקט, אַז זיא איז דיא אויסגעוויילטע פון גאָט און זיא איז דיא בעסטע און קלוגסטע. זייערע טעמפּלען זיינען פלעצער פון הריגות און וואו איין טהייל בענשט מען פערדאַמט מען דעם צווייטען טהייל.

אַ מעכטיגע שטימע האָט איצט גערופען צו ברוך און דיא שטימע איז געווען אַ פיעל מעכטיגערע וויא יענע, וואָס ער האָט געהערט אין שוהל. זיא האָט צו איהם גערופען, — ער זאָל מאַכען דיא ברכה איבער דאָס אָפענבאַרע אַנגעשריבענע געזעץ, דיא לוחות פון וועלכע זאָלען ערווייטערען דיא שנאה צווישען דיא רעליגיאָנען און זאָלען צייגען ליעבע צו דער מענשהייט. האָט שוין דער רמבם ניט געזאָגט, אַז דיא פרומע פון דיא אומות העולם, וועלען אויך האָבען גן עדן?

ברוך האָט זיך שוין מעהר ניט געפיהלט אַלס דער זוהן פון זיין אידישען פאָלק זאָנדערן אַלס דער זוהן פון דער גאַנצער מענשהייט. ניט נאָר זיין אבשטאַמונג האָט איהם געטריעבען דערצו, אַז ער זאָל וועגען זיך אַזוי דענקען, כאָטשע דאָס האָט איהם געגעבען דעם ערסטען שטויס דערצו, זאָנדערן דער גייסט פון דעם לעבען, דער גייסט פון גאָט האָט איהם אַוועקגעטראָגען העכער פון אַלע בעגרענצונגען, און דאָרט האָט ער זיך געהאַלטען פעסט און פריי אין דער לופט.

ערסט ווען דער פאָטער איז אַריינגעקומען אין צימער און האָט איהם אַ רוף געטהאָן, איז ברוך געקומען צו זיך און האָט זיך ארומגעזעהן, וואו ער איז אין דער וועלט. ער האָט דעם פאָטער צוריקגעקעהרט דיא בלעטער און האָט איהם אַ קוש געטהאָן אין האַנד, געהענדיג צו מנחה מיט'ן פאָטער אין שוהל, האָט ער בעגעגנט פיעלע, וואָס האָבען איהם געווינשט גליק פאַר דיא סמיכה, וואָס ער האָט בעקומען, ער האָט זיי געענטפערט זעהר צערשטרייעט און זיי האָבען געזאָגט, אַז ער איז שוין געוואָרען גאוה'דיג.

זונטאַג אין דער פריה איז ער געגאַנגען אין דער ישיבה. וויא פרייליך איז פאַר איהם געווען דער וועג פריהער, און וויא אַנדערש ער האָט געפיהלט איצט!

א געפּיהל פון פערדרוס און שטאָלץ האט זיך געמישט אין זיין זעעלע, וועט ער דאס אלע מאל דארפען געהן דעם זעלבען וועג, און לערנען דיזעלבע ספרים? ער האט ערגרייכט דיא העכסטע שטופּע פון כבוד אויף דיזען פעלד, און דאך בלייבט ער אלץ א תלמיד, און זיין ווייטערדיג לערנען קען איהם נאר אביסעל מעהר אויסשארפען דעם מוח. אין דער גמרא געפינט ער זיך אזוי היימיש, וויא ביי זיך אין דער היים. נאר דאָרטען ווייטער, ווייטער פון דיא פיער איילען פון דער הלכה געפינט זיך נאך א גרויסע וועלט, פאד וואס זאל יענע גאנצע וועלט זיין פאר איהם פערשלאָסען. נאך מעהר האט איהם געפּלאָגט דיא געדאנקען, איצט ווען ער האָט שוין געהאט דורכגעלעזען דעם פּאָטער'ס בריעף איז ביי איהם אינעוויי־ניג פאָרגעקומען א גאנצע איבערקעהרעניס, ער איז גאָר אן אנדערער מענש געוואָרען און דאס וואס פריהער האָט איהם געשיינט צו זיין אזוי בעקאנט און היימיש איז איהם איצט געוואָרען אזוי פרעמד און אונבעקאנט, און ער האט זיך געפרעגט צו וועט דאס ניט זיין א זינד, ווען ער וועט האנדלען, וויא קיין זאך איז ניט געשעהן און אזוי וויא ער איז נאָך אלץ דער זעלבע?

דיא אידישע קהלה איז פאר איהם שוין ניט מעהר געווען אלעס, און ער האט שוין מעהר דיא איבריגע גאנצע וועלט ניט גערעכענט פאר א גאר ניט, פאר א שאלעכץ פון א קנאָבעל. דאָרטען אין דער גרויסער וועלט ווערען הייזער און שיפען געבויט, גאסען געלייגט און מען קימערט זיך גאר ניט וועגען דיא פעראיינ־זאמטע אידישע געמיינדע. דאָרטען קלינגען גלאָקען און רופען צו אנדערע הייליגקיי־טען, וואו איז דיא לעבענסקראפט פון דער וועלט? גערן וואָלט ער דורכגעדרונגען און אלעס אליין אויסגעפונען, נאָר אנשטאט דעם געהט ער יעצט אין דער ישיבה. ער האט ניט געקענט פערשטעהן, פאר וואָס איז דיא וועלט געבליעבען גראדע דיזעלבע, ווען ער געפינט איהר אזוי פיעל געענדערט.

נאר ווען ער איז אריין אין דער ישיבה, זיינען איהם דיא ספקות אוועק און ער האט זיך געזעצט א בערוהיגטער נעבען דער לינקער זייט פון רבי מאָרטערא פון דער רעכטער זייט איז געזעסען חסדי, וויל ער איז געווען פיעל עלטער.

זיי האָבען געלערנט קדושין און זיי זיינען געקומען צום פּלאץ, וואו עס ווערט גערעדט וועגען א יפת תואר: „מותר שיאכלו בני ישראל תבוסות ואל יאכלו נבלות" דיא תורה האט מתיר געווען א יפת תואר אין מלחמה, פאר אין ברירה, וויל דיא אידען וואָלטען דעם פערבאָט ניט געאכטעט. צווישען ברוך און חסדי איז דא פארגעקומען א העפטיגער שטרייט. ברוך האָט געפונען פאר זאָנדערבאר

אזא מין היתר, וואס הייסט מען וועט דעם פערבאָט ניט אבטען?

— דיא תורה האט טאקע מתיר געוועזן א יפת תואר אין מלחמה, אבער דער שטראָף דערגרייכט באלד יענע, וואס האבען חתונה מיט ניט קיין אידישע קינדער, האט חסדי גענטפערט מיט א שטאָך, וואס נאר ער און ברוך האבען פערשטאנען; ווייל באלד נאָך דעם רעדט דיא גמרא פון א בן סורר ומורה, ווייל פון אזא חתונה קומען נאר ארויס אזעלכע קינדער.

ברוך האט איהם אויף דעם גאר ניט געענטפערט און, ווענדענדיג זיך צום ראש ישיבה, האט ער געזאגט:

— אויב אזוי, איז ניט קיין זינד חתונה צו האבען מיט ניט קיין יודען.

— אזוי זאָגט דיא תורה, אבער דאס איז נאר גערעדט געוואָרען אין דער צייט פון קריעג.

— קען אבער גאָט געבען איין געזעץ פאר'ן קריעג און א צווייטען פאר פריעדען?

— איך קען ניט אבהאלטען דעם גאנצען שיעור, ווייל דוא ווילסט היינט זוכען אויבער שפיצלאך, האט דער ראש ישיבה געענטפערט. חסדי! לייען ווייטער.

דאס לערנען איז אנגעגאנגען ווייטער, נאר ברוך האט זיך כמעט ניט צו־געהערט. ער איז אלץ געווען פערזונקען אין זייער פראגע. קען מען קיין געזעץ ניט בייטען? ער האט קיין ענטפער אויף דעם ניט געפונען, און ער איז געווען זעהר זעהר צופריעדען, ווען דער שיעור האט זיך געענדיגט און ער איז אוועק אהיים.

אין דער היים האָט איהם דער פאָטער דערצעהלט, אז דר. סילוואַ האט פאר איהם א לעהרער אין ליטיין, וועמעס גלייבען איז ניטא אין גאנץ אייראָפּאַ. ברוך האָט קוים דערצויגען ביז נאָכען עססען, ווען ער מיט'ן פאָטער זיינען אוועק צו דר. סילוואַ.

— איך ווארט שוין לאנג אויף אייך, האט דער דאקטאר זייא בעגעגענט. מאגיסטער ניגריטיאוס קען זיך אויף מיר שוין געוויס ניט דערווארטען.

דאביי האט סילוואַ געלויבט ברוך'ן פאר דיא סמיכה, וואס ער האט גע־קריגען אזוי יונג, נאר ברוך איז היינט געווען אונצופריעדען פון דיעזען לויבען; איהם האט געדוכט, אז היינט האָט ער עס ניט פערדיענט, איין געדאנק האָט איהם פערפאָלגט: איז דען נויטהיג ער זאל ווערען א בן סורר ומורה? האָט ער

איצט כמעט נעציטערט, ווען זיין הייסטער וואונש האט נעהאלטען ביים מקוים ווערען. נאר אויב זיין אבשטאמונג פון דער מוטער'ס צד טרייבט איהם צו זיין א סורר ומורה, וועט איהם דען העלפען, אז ער וועט נעגען דעם קעמפפען? קען ער דען זאגען צו גאָט: ניין, דיין שטראָף וועט מיך ניט גרויכען?

— איך בין געווען נעגען דעם, האָט בנימין געזאגט צום דאָקטאָר, געהענדיג צום מאַניסטער, אז מיין זוהן זאל לערנען ליטיין און דערצו נאָך האבען א לעהרער א קריסט. איך האָב א מאָל געהערט א שפרוך פון תלמוד: פערפלוכט זאל זיין דעריענינער, וואס לערנט זיין זוהן חכמת יונית (גריכישע וויסענשאפט); אקאסטאָ'ן האט קיין אנדער זאך דעם קאָפּ ניט פערדרייהט, וויא גריכיש און ליטיין, ווען ער וואָלט דיא שפראכען ניט געלערנט, וואָלט ער עד היום פערבליעבען צווישען אונז און לעבען אין פריעדען און אין כבוד.

-- ליעבער שפינאָזא, האט דאָקטאר סילווא געענטפערט, איהר זייט א גע־שיקטער קויפמאן; איהר ווייסט גאנץ גוט, וואו מען זעצט אָב ראָזען־האלץ און צימערינג, וואס איהר בעציהט דורך דיא אָסט אינדישע קאָמפּאניע. נאָר אין אזעלכע זאכען ווייסט איהר ניט. איך גלויב ניט, אז איהר זייט איינער פון יענע, וועלכע פערגעסען זייער יוגענד און ווינשען ביי אונז איינפיהרען דיא פוילישע פינסטערנים. אונזער שטעלונג אין דער געזעלשאפט און דעם כבוד, וואס מען לעגט אויף אונז דא, האבען מיר נאר צו פערדאנקען (און דאביי האבען זיך דעם דאָקטאָר'ס אויגען אָנגעצונדען מיט שטאָלץ) דעם, וואס מיר קענען אין וועלטליכע וויסענשאפטען אויך עפּעס זאָגען. אייער אנווענדונג נעגען דעם וואָס לערנען ביי א קריסט, האט שוין פיעל מעהר צו זאָגען, נאר אייער ברוך איז אזוי היימיש אין דער תורה, אז ער וועט גרינג קענען פערענטפערן יעדע פראגע פון א פרומען קריסט. אויסער דעם, זיינען דיא פרומע קריסטען ניט געפעהרליך, ווייל זיי לאָזען יעדען צו רוה אין זיין גלויבען. מורא האָבען דארף מען נאר פאר דיא, פריידענקער, פון קריסטען, און זיי קענען שאדען אונזער יוגענד, ווייל ווער עס לייקענט אָב דעם פונדאמענט פון יעדער רעליגיאָן, דער סען פערפיהרען, דיא וויסענשאפט פיהרט ענדליך צום גלויבען.

אין דעם זין האט דער דאָקטאָר גערעדט, ביז זיי זיינען געקומען צום הויז, וואו מאַניסטער ניגריטיאוס האָט געוואוינט. אין דער צייט וואס זיי האבען זיך אויפגעהויבען אויף דיא טרעפּ צום פינפטען שטאָק, האט זיי דער דאָקטאָר געזאָגט, וויא זיי זאלען זיך פערהאלטען צו איהם.

ביים עפענען דיא טהיר איז זיי ענטגעגען געקומען א דארער און קליינער מאן מיט א גרין־געלן געזיכט. קומענדיג זייא אנטגעגען, האט ער זיך א פאר מאל אויסגעגליטשט איבער דיא ביכער, וואס זיינען געלעגען צוואווארפען איבער דער פאדלאגע און איז שיער ניט געפאלען.

— דער זאץ איז טאקי ניט וויא איהר האט געזאגט, זיינען געווען זיינע ערס־טע ווערטער, מען דארף לערנען „מעורסי" און ניט „מאאורי", און דאן קומט ארויס עפעס אנדערס, ווארום עס איז אונמעגליך צו בעגרייפען, וויא אזוי האט מען גאר געקענט דענקען, אז דער פיינסטער רעמער זאל אזוי אריינלויבען דיא דומע מא־אורען. זעצט אייך, ליעבער דאקטאר.

דער מאגיסטער האט פון א שטוהל ארונטערגענומען א פאר ביכער, וועלכע ער האט אנידערגעלעגט אויף דער פאדלאגע און האט דעם דאקטאר אנגעבאטען דעם זיץ. ערסט איצט האט ער דערזעהן דיא צוויי פרעמדע, וואס זיינען געקו־מען מיט'ן דאקטאר.

דיא גאנצע צייט, וואס דער מאגיסטער האט גערעדט, איז ברוך געשטאנען וויא פערגליווערט, מיט פערביסענע ליפען, איהם האט זיך געדוכט, אז היינט האט האט זיך דיא גאנצע וועלט אויפגערעדט צו דערמאנען איהם זיין אבשטאמונג פון דיא מאאורען.

— וואס פערלאנגען זיי פון מיר? האט דער מאגיסטער געפרעגט.

דער דאקטאר האט איהם גענומען בערוהיגען און געזאגט, אז זיי האבען צו איהם א ביטטע.

— זעצט אייך דא, האט דער מאגיסטער געזאגט, צורוקענדיג זיין פאטעל צו בנימין, און איהר יונגער מאן, זעצט אייך אנידער אויפ'ן בעט.

— האט איהר שוין אויסגענומען אייער מעדיצין? האט דער דאקטאר איהם געפרעגט.

— יא, היינטיגע נאכט האב איך א לאנגע צייט געהוסט אין בעט און ווען איך האב אויסגעלאשען מיין לאמפ, האבען דיא ווערטער נאך ארומגעשוועבט פאר מיינע אויגען. ענדליך איז מיר איינגעפאלען, אז מען דארף שרייבען וויא איך האב אייך איצטער געזאגט, איך האב אזש א געשריי געטהאן פאר פרייד; נאר מורא האבענדיג, אז אין א שלאף קען איך נאך ווידער א מאל פערגעסען, בין איך ארונטערגעשפרונגען פון בעט און אזוי וויא איך האב ניט געקענט גלייך גע־פינען קיין שרייב־געציינג, האב איך מיט א שטיקעל קרייד פערשריעבען אט דא

איהר זעהט, אויפ'ן באָדען פאר'ן שיין פון דער לבנה, און בין אריין צוריק אין בעט און בין רוהיג איינגעשלאָפען. היינט אין דער פריה האָב איך זיך אויפגעכאפּט נאָס פון שוויים, נאר דער הוסט איז פון מיר וויא מיט דער האנד אוועקגענומען געוואָרען.

— איהר מוזט אָנהויבען צו פיהרען אן אנדער לעבען און פריהלינג־צייט פער־ברייננגען מעהר אויף דער פרישער לופט.

דר. סילוואַ האָט איהם פאָרגעשלאָגען, ער זאל לערנען מיט ברוך'ן ליטיין. נענרעטיאוס איז אויף דעם איינגאַנגען מיט דער בעדינגונג, אז דאָקטאָר סילוואַ זאל זיין פעראַנטוואָרטליך, ווען ער וועט זיך ארויסווייזען אונגעשיקט דערצו.

— וויא אלט זייט איהר? האט ער געפרעגט ביי ברוך,

— פופצעהן יאָהר.

— און איהר קענט נאך ניט דעקלינירען?

— ניין.

— היי, האט דער מעגיסטער א מורמעל געטהאן. פופצעהן יאהר! מיר וועלען זעהן. מען מוז פלייסיג זיין אין אייערע יאָהרען האָט איהר שוין בעדאַרפט בערג איבערקעהרען.

ברוך האט פערשפּראָכען צו זיין פלייסיג, און דער מאַגיסטער האָט ווייטער גערעדט.

— איהר קענט צו מיר קומען שטענדיג אין דיעזער צייט, נאר אויב איך וועל שלאָפען, זאלט איהר מיך ניט וועקען. ביכער דאַרפט איהר מיט זיך ניט ברענגען, איך האָב אלעס, וואס מען דאַרף.

באלד זיינען אלע דריי ארויס פון מאַגיסטער.

פון דעם טאָג אָן איז ברוך יעדען טאָג געגאַנגען צום מאַגיסטער, ער האָט באַלד אויסגעפינען, אז זיין לעהרער איז ניט דער מענש איהם אריינצופיהרען אין דיזם טעמפּעל פון דיא רוימישע קלאַסיקער, ביי איהם וועט ער זיך אויבינ קענען גריבלען אין גראַמאַטיק און יאָהרען אָבשטעהן אויף א זאץ. א נייסט וויא ברוך'ס וואס האט שוין דורכגעדרונגען דיא וויכטיגסטע פראַגען פון דענקען, האט געברענט מיט אונגעדולד דורכצוקריכען, וויא מעגליך דיא לעהר־ביכער, וואס האבען געפּאַסט פאר קינדער, מיט דער צייט האט זיך ברוך געוואוינט מעהר צו אכטען זיין לעהרער זיין דומציפּלין, וואס איז געוועזן דער היפּך פון דעם לערנען פון דער ישיבה, וואו מען שפּרינגט פון איין ענין צום צווייטען, האט איהם געלערנט געהן טריט פאַר

טריט און זיין לעהרער האָט איהם דערפאר אזוי ליעב געקריגען, אז ער האט איהם צוגעזאגט איבערצולאָזען נאָכ׳ן טויט זיין ציצראָ וועלכער איז געוועזען בעדעקט מיט זיינע אנמערקונגען.

דעם מאגיסטער׳ס קראנקהייט האט זיך צו ביסלאכווייז פערשטארקערט און ברוך׳ס לערנען איז צוליעב דעם געוואָרען אונרעגעלמעסיג. אין דער זעלבער צייט האט רבי שאול מארטערא אנגעהויבען צו לערנען אין דער ישיבה מסכתא ערובין. און אום צו פערשטעהן דיא געאמעטרישע פראגען, וואס קומען דאָרטען פאָר, האָט ער גענומען מיט דיא תלמידים דורכגעהן א קורס מאטהעמאטיק פון א העברעאישער איבערזעצונג פון עקליד ברוך׳ס אונרוהיגער גייסט האט אין דעם געפונען א בע־שעפטיגונג, ער האָט זיך אויף שטארקער גענומען צום תלמוד און געהאָפט ווידער צו געפינען אין זיין אלטע רוה. ער האָט וועגען דיא פראגען, וואס האָבען איהם בעאונרוהיגט, מיט קיינעם ניט גערעדט. זיין גייסט איז געוואקסען אין דער שטיל, וויא וועלענדיג מיט א מאָל איבערראשען דיא וועלט.

## 8טעם קאַפּיטעל.

## צווייפעל.

גאנץ אמסטערדאם האט זיך געפרייט מיט׳ן פריעדען, וואס דיא ניעדערלאנ־דער האָבען געשלאָסען מיט שפאניען, אין דיא גאסען איז געוועזען שמחה וששון, דיא וויין־הייזער זיינען געוועזען פול מיט בעזוכער, דיא איינוואוינער האבען זיך געקוסט און געהאלזט, נאר א ופ׳ן בורגייאל האָט געטרויערט א נשמה וועגען דעם פריעדען, וואָס איז פון איהר פערשוואונדען. קיינע פריעדענס־טראקטאטען צווישען דיא ערדישע מעכ־טע האבען איהר שוין מעהר ניט געקענט בעפריעדיגען, דען דער הימלישער בונד איז געלעגען פאר איהר צוריסען, אין ווינקעל פון דער מזרח וואנד אין בית המדרש איז איז ברוך שפינאָזא געזעסען איינזאם איבער׳ן אבן עזרא׳ס פירוש אויף דער תורה. דער ראש ישיבה האט איהם ניט געראטהען אין דעם ספר אריינצוקוקען, ווייל פיעל שטעלען זיינען דאָ דונקעל און אונפערשטענדליך, נאר דאס האט זיין נייע־גיערדע נאך מעהר אנגעצונדען.

ער האט דורכגעקוקט דעם אבן עזרא׳ס פרושים אויף דיא אונאטירליכע זא־כען פון וועלכע עס ווערט דערצעהלט אין חומיש, און ער האט געזעהן, וויא ער רעדט און דערהערט ניט, זאָגט און האלט זיך אָב אין מיטען, און וויא אין איין שטעל זאָגט ער: „ווער עס פערשטעהט דעם סוד, זאל שווייגען״.

— שוויינען? האט ברוך געקלערט מיט זיך, יא, ער מיט שוויינען.

פלוצים האט ער דערהערט טריט און ער האט שנעל פערמאכט דעם ספר און גענומען א גמרא.

חסדי אסטרוק און אפרים קארדאזא זיינען אריינגעקומען. חסדי איז צוגע־גאנגען צו ברוך און האט דיא ערסטע זאך א ווארף געטהאן מיט'ן אויג צו זעהן, וואס פאר א ספר ער האלט.

— זעהר גוט, וואס מיר האבען דיך דא געטראפען, האט חסדי געזאגט, איך האב מיט אפרים איצט געהאט א שטיקעל מחלקה און דוא וועסט צווישען אונז קענען מאכען א פשרה, נאר זאג מיר פריהער צו, אז דוא וועסט ניט געבען א האלבען ענטפער, וויא דוא טהוסט עס שטענדיג, איך פערשטעה איבערהויפט ניט, פאר וואס דוא ביזט אזוי פערשלאסען אין זיך, — זיינען מיר דען ניט קיין ברידער?

— וואס בעהאלט איך דען? האט ברוך געפרעגט.

— לא'מיר איצט דערפון ניט רעדען און מיר וועלען דאס אבלעגען אויף אן אנדערס מאל, האט חסדי געענטפערט; נאר דוא זאלסט זיין אין גאנצען אונ־פארטייאיש, וועל איך דיר ניט זאגען, ווער פון אונז האט געזאגט דיא אדער יע־נע מיינונג. זאג אונז אפען: גלויבסטו, אז מלאכים זיינען פאראן?

— וואס איז דאס פאר א זאנדערבארע פראגע? האט ברוך געענטפערט.

— אויב אזוי, וועל איך דיר פרעגען אנדערס: מוזען מיר גלויבען אין דער עקזיסטענץ פון מלאכים?

— דאס איז דיעזעלבע פראגע, נאר מיט אן אנדען נוסח; אבער זיינען מיר דען קיין אידען ניט? מוזען מיר דען ניט גלויבען אלעס, וואס אין דער תורה שטעהט געשריעבען און אין דעם שעהנעם צייל ספרים, וואס שטעהן דארטען אויסגעשטעלט אין שאפע.?

— נאר וואס שטעהט אין דער תורה וועגען מלאכים?

— דאס ווייסטו אזוי גוט וויא איך, האט ברוך געענטפערט.

— אבער וואס זיינען דיא מלאכים נאך דער תורה קערפערליך אדער אונ־קערפערליך?

— איך וועל פאר דיר אויסלעגען א גאנצע מוסטער־קארטע פון אנזיכטען און דוא וועסט אויסקלויבען נאך דיין גוסט. אברהם, הגר און לוט; יצחק, אבימלך און יעקב האבען געזעהן מלאכים, דער ערסטער האט זיי פארגעלעגט דריי צינגער

און פרישע זעמעל; מיט יעקב האט זיך איינער דיא גאנצע נאכט געשלאָגען און האט איהם צום סוף אַ זעץ געטהאָן אין דיך; — איז פאר דיר גענוג אָדער דוא ווילסט נאָך מעהר קערפערליכע? אויב אזוי ווער׳ען מיר געהן ווייטער. בלעם׳ן איז אויפ׳ן וועג ערשיענען א מלאך און דער מויל־עזעל האט איהם דער ערסטער דער זעהן. יהושוע׳ן האט זיך א מלאך בעוויעזען מיט א בלויזען שווערד. צו שמשונ׳ס מוטער האָט זיך צוויי מאָל בעוויעזען א מלאך און נאכדעם האט, זיא געבוירען דעם גרויסען גבור. ווילסטו א גאנצע מחנה מלאכים? דוא קענסט זיי געפינען אין דעם ערסטען קאפיטעל פון יחזקאל, דאָרטען איז א גאנצער פאראד פון זיי, איך האָב א מאָל געהערט פון דעם פערשטאָרבענעם אקאָסטא, וויא ער האָט געזאָגט אז דיא האָף מלאכים זיינען געווען א סך גליקליכער פון דיא היינטיגע האָף־קאַוואלאריען, ווייל זיי האָבען געהאט פיער הענד און פיער פליגלען און וואס איז בעסער פון אלעס, פיער פנים׳ער. ווילסטו אונקערפערליכע מלאכים? עס שטעהט אין פסוק עושה מלאכיו רוחות, גאָט מאכט דיא ווינדען פאר מלאכים.

— גלויבסטו אויך ניט אין בייזע מלאכים?

— גלויבסטו! גלויבסטו! פרעג וואָס עס שטעהט געשריעבען און ניט אין וואָס איך גלויב. וויא פיעל איך ווייס, איז פון שטן און פון מלאכי חבלה, וויא דיא קריסטען האבען זיי, קיין זכר ניטאָ אין דער תורה, און וואס איז שייך אויב וואו דער שטן שפיעלט אַ גרויסע ראָלע זאגט דיא גמרא, אז איוב לא היה ולא נברא. אז איוב איז ניט מעהר וויא אַ משל, ביי גאָט איז אלעס גוט, ער טהוט קיין שלעכטעס ניט, נאר אונז מענשען ווייזען אנדערע זאכען אויס פאר שלעכט, און דאריבער זאָגט ישעיה: אני ד׳ ואפסי עוד, איך בין דער הערר און אויסער מיר איז ניכטס. איך מאך דיא פינסטערנים, אוך מאך פריעדען און איך שאַף דאס בייזע.

— קענען דען ניט זיין בייזע מלאכים?

— ניין, דער מלאך צייכענט זיך אויס דערמיט, וואס ער איז בלויז א שליח ביי גאָט, אָהן אַ פרייען ווילען. דער שטן אבער איז, וויא מען דענקט, אַ געפאלענער מלאך, וואס האָט זיך געשטעלט נעגען גאָט, דאס האט ער אבער קיין מאָל ניט געקענט טהאָן, סיידען אז גאָט זאל זיך נעגען זיך אליין שטעלען.

— אבער דער מדרש דערצעהלט זעהר אַ שעהנע געשיכטע, וויא אזוי דיא בייזע מלאכים זיינען ארויסגעקומען, האָט געזאָגט אפרים, וואס האט זיך ביז איצט צונעהערט שטיל, קיין מלאך טאָר ניט בלייבען לענגער וויא זיעבען טעג אויף דער

ערד. א מאל האָבען עטליכע מלאכים איבערגעזעסען זייער צייט און זיי זיינען דאריבער אזוי שווער געוואָרען, אז זיי האָבען ניט געקענט ארויפפליהען צוריק אויפ'ן הימעל און פון זיי זיינען ארויסגעקומען דיא בייזע מלאכים, און דאס זיינען דיא נפילים פון בראשית.

— דאס איז אפשר זעהר שעהן, אבער קען דאס אזוי זיין? האט דען א מלאך געקענט איבערטרעטען דעם ווילען פון גאָט ברוך הוא?

— אלזאָ גלויבסטו ניט אין בייזע מלאכים, איז חסדי אין מיטען אריינ־געפעלען.

— ווייטער גלויבסטו! האט ברוך געענטפערט מיט כעס. איך ווייס אזוי גוט וויא דוא, אז קדיש איז אין דער שפראכע פון ארמית, כדי דיא בייזע מלאכים זאלען דאס ניט פערשטעהן און ניט קענען מסר'ען צו גאָט; איך ווייס, אזוי גוט וויא דוא, אז ראש השנה בלאָזט מען שופר אום צו פערטהומלען דעם שטן.

אפרים האָט ערקלערט, אז דער רמבם זאָגט, אז אפשר זיינען מלאכים גע־שטאלטען, וואס פראָפעטען האבען זיי געזעהן אין חזיון (וויזיאָן).

— דאס איז אפיקורסות! האט חסדי אויסגעשריען.

— ריכטיג, האט ברוך געזאגט מיט א זעלטזאמען שמייכעל. מיט דעם אפשר האט דער רמבם נאָר געזוכט צו פעררייזען דיא ציינער, ווייל ער האָט ניט געהאט דעם מוטה צו זאָגען אז אזוי לערנען אונז דיא הייליגע שריפטען און דער פערנונפט זאָגט גאָר אנדערס.

ברוך האָט זיך פלוצים אָבגעהאלטען. עס האָט זיך גלייך געכאפּט, אז ער איז צו ווייט פערקראָכען. ער האָט נאָך א פּאָר מינוט אריינגעקוקט אין גמרא האָט באלד פערלאָזען דעם בית המדרש.

— דאָס וואקסט א צווייטער אקאָסטא, האָט חסדי געזאָגט צו אפרים, ווען ברוך איז ארויס.

— דוא מיט דיין בייזע צונג האָסט איהם געבראכט דערצו, אז ער זאָל זאָ־גען, וואָס ער האָט געזאָגט. לאָז איהם צורוה און זאל ער געהן מיט זיין וועג, האט אפרים געזאגט צורייצט.

— ניין, האָט חסדי געזאגט. כל ישראל ערבים זה בזה, איינער איז פער־אנטוואָרטליך פאר'ן צווייטען, און איך וויל פאר איהם ניט ליידען.

מיט דיא ווערטער איז חסדי ארויס פון בית המדרש אין כעס.

9טעס קאפּיטעל.

## קבלה.

ברוך האָט שוין לאנג, לאנג געטרוימט פון קבלה, נאר זיינע יאהרען זיינען איהם ביז איצט געשטאנען אין וועג, ווער וועט מיט א אינגעל לערנען קבלה? נאָר איצט האָט איהם געדוכט, איז ער שוין ארויס פון דיא קינדערשע יאָהרען, ער איז שוין א מאנן א בעל מוסמך און ער האָט בעשלאָסען צו ווענדען זיך צו רבי יצחק אבּאָאב, וואָס האָט גע'שם'ט פאר'ן גרעסטען בעל מקובל.

איין שעהעם פריהמאָרגען איז ער אוועק צו איהם, דער בעל מקובל האָט האט איהם זעהר פריינדליך אויפגענומען, נאר ווען ברוך האָט איהם דערצעהלט דעם ציעל פון זיין בעזוך, האָט זיך אבּאָאב'ס קול אין גאנצען געענדערט.

— ניין, האט ער געענטפערט, ווייסטו דען ניט, אז רבי שלמה אדת האָט פערבאָטען ארויסצוגעבען דיא סודות פון קבלה צו א מענשען פאר פינף און צוואנציג יאָהר?

ברוך האט גענומען צו איהם שטארק צו שטעהן. דער מקובל האט איהם שטיל אויסגעהערט; נאכהער האט ער צו איהם געזאגט:

— ווייסטו אין וואס פאר א סכנה דיין לעבען און דאס לעבען פון אלע דיינע אייגענע איז, ווען דוא האָסט עפּעס א זייטיגען רעיון ביים לערנען פון קבלה? קענסטו זיך פערלאָזען אויף זיך? ווילסטו נאָך איצט אויך?

— יא, איך וויל, האט ברוך געענטפערט מיט א פעסטער שטימע.

ניט רעדענדיג ווייטער קיין וואָרט, האט רבי יצחק אבּאָאב אנגעכאפּט ברוך'ס לינקע האנד און האָט בעטראכט דיא שטריכען אויף איהר. דערנאָך האָט ער ארויפגערוקט ברוך'ס הוט און האָט בעטראכט אויפמערקזאם זיינע געזיכטס־ציעגע, דערנאָך האט ער גענומען שפּאציערען הין און צוריק איבער'ן צימער און האָט עפּעס געטראכט. ענדליך האָט ער זיך ווידער געווענדעט צו ברוך, ער האָט צו איהם לאנג גערעדט, האט מיט איהם גע'טענה'ט מוט גוטען און מיט בייזען. ער האָט ברוך'ן געריהרט ביז טרערען, אבער פון זיין באַגער האט ער איהם ניט אָבגערעדט. נאָר ווען אבּאָאב האָט געזעהן, אז ער קען מיט איהם גאָט ניט מאכען, האט ער צו איהם געזאָגט:

— דיך וועט שוין קיינער דערפון ניט אָבשלאָגען, זאל זיין אזוי, וויא דוא ווילסט איך האָב מורא, אז אויב איך וועל ניט ווערען דיין פיהרער, וועסטו אליין נעהמען

זוכען און פערקריכען אין געפאהר. קום צו מיר היינט נאָך מעריב.

ווען דער שוהל־שמש האט אין אבענד דערזעהן רבי יצחק אבאָאב מיט ברוך שפינאָזא צוקומען צו דער מקוה, האט ער אויסגעשטעלט א פּאָר אויגען פון פערוואונדערונג.

גוט אבענד, רבי ברוך, האט דער שמש געזאגט און האָט נייגיעריג אריינ־געקוקט איהם אין געזיכט אריין.

רבי אבאָאב האָט איהם אָנגעזאָגט ער זאָל קיינעם קיין וואָרט ניט זאָגען וועגען ברוך'ס געהן אין מקוה און האָט איהם געהייסען געהן אהיים. ער האט ביים שמש צוגענומען דיא לאַמטערנע און דעם שליסעל און זיי זיינען אין באָד אריין.

דער מאטער שיין פון דער לאַמטערנע האט שוואך בעלייכטעט דיא שוואַר־צע ווענד און דיא הילצערנע בענק ארום. אבאָאב האָט געמורמעלט עפּעס א תפילה אין זיך און האָט זיך אויסגעטהאָן. ער האט נאָך ניט אין גאנצען אראָב־גערגעוואָרפען פון זיך דיא קליידער און איז געשווינד אראָב דיא דרייסיג שטאַפּעל פון דער מקוה און פון אונטען האָט זיך דערהערט זיין שטארקע שטימע: ממעמקים קראתיך ד׳, פון דער טיפענים רוף איך צו דיר, גאָט!

ברוך האט א שוידער געטהאן איהם האָט געדוכט, וויא פון טיעפקייט פון אבגרונד אין דער פינסטערער נאכט הערט זיך א שטימע פון א נשמה, וועלכע בעט זיא זאל ערלייזט ווערען און דערהויבען ווערען צום הימעל.

דער רבי האָט אנידערגעשטעלט דיא לאַמטערנע אויפ'ן אונטערסטען שטאַ־פעל און האָט זיך ארונטערגעשטעלט אין מקוה. ביים פּליוסק פון דעם וואסער האט זיך ברוך אריבערגעהאנגען איבער דעם פּארענץ דער מקוה און יעדעס מאָל וואס דער רבי האָט זיך ארונטערגעטונקען, האט ער ארונטערגעשריען: כשר. אזוי האָט פּאסירט ניין מאָל. האלב אָנגעטהאָן און מיט א פערדעקטען קאָפּ איז דער דער מקובל ארויפגעקומען. פון זיין לאנגע באָרד האָט געטריעפט וואסער און זיינע האָר זיינען געוועזען צושויבערט און זיין געזיכט האָט צוליעב דעם אויסגעזעהן מישונה ווילד, ער האָט ברוך'ן געגעבען א קליין ספר'ל און האָט איהם געהייסען זאָגען א תפילה אבער זאגען זאל ער אין זיך און זאל · חס ושלום ניט ארויסריידען א נאָמען פון א מלאך, ווייל זיין לעבען וועט זיין אין סכנה. ביי ברוך האָבען זיך דיא פיס ארונטערגעבויגען פאר שרעק, ווען ער איז אריין אין מקוה, נאר ער האָט געמאכט הארץ און האָט זיך אָבגעטונקט, און דאביי האָט זיך דער מקובל

אריבערגעהאנגנען איבער'ן פארענץ און האט נאך יעדען מאָל אָבטונקען גע־
זאגט כשר.

פון דער מקוה זיינען זיי אוועק צו רבי יצחק אבאָאב אהיים, און דער מקובל איז געוועזן זעהר אויפגעראמט ביים עססען. ברוך האָט זיך געהיט דיא גאנצע צייט פון דעם עססען ניט א קוק צו טהאָן אויף רבי יצחק אבאָאב'ס טאָכטער, דיא שעהנע שרה, וועגען וועלכע ער האָט געוואוסט, אז זיא האָט געהאט א דבוק און איהר פאָטער האט איהם פון איהר ארויסגעטריבען. ביים דערלאנגען עססען, האט זיא געוואָרפען א גע'גנב'עטען בליק אויפ'ן בלאסען אינגעל מיט דיא אראָב־געלאָזטע אויגען, פון וועלכע דיא גאנצע שטאָדט האט גערעדט מיט ווארימקייט.

דער מקובל האָט זעהר לאנג פערבראכט ביים טיש און עס איז שוין געוועזן זעהר שפעט אין דער נאכט, ווען ער האָט זיך מיט ברוך איינגעשלאָסען אין א צימער, האָט פון א קליין ארון קודש'ל ארויסגענומען א ריינינקייט און האָט אויפ־געמישט דיא עשרת הדברות און געהייסען ברוך'ן ארויפלייגען אויף דער ספר תורה דיא רעכטע האנד און זאָגען פאָלגענדע ווערטער:

„איך רוף צו דיר אלמעכטינער. פערבאָרגענער גאָט, וואָס האָט אנטפלעקט זיינע סודות פאר אדם הראשון, חנוך, אברהם און משה, וועלכע האבען זיי איבער־גענעבען אונז בקבלה. זאל דיין רוח הקדש אראָבשטייגען אויף מיר און פיהרען מיר אין דעם גלייכען וועג און איך זאל ניט געשטרויכעלט ווערען. און ווען איך וועל גענען דיינע סודות זינדיגען, זאלען מיר איבערפאלען אלע שרעקען און איך זאָל דערציטערט ווערען פאר מיין אייגענעם שאָטען; מיין צונג זאל מיר אָבגע־דארט ווערען, מיינע אינגעווייד זאָלען טרוקען ווערען מיינע אויגען זאָלען אויסגע־לאָשען ווערען, מיין אטהעם זאל ווערען גיפט און זאל טוידטען אלע מיינע ליעבע, צו וועלכע איך וועל רעדען, גראָז זאָל וואקסען פאר דער טהיר פון מיין פאָטער'ס הויז, וועלכען קיינער וועט ניט בעטרעטען און אזוי וויא מיר וועט דא זיין אויף דער וועלט, זאלען מיר אזוי דיא קוועלען פון גיהנם מאטערען אויף יענער וועלט, און דארום, ליעבער גאָט, פיהר מיך אזוי, אז איך זאָל רוהען אונטער דיא שאָ־טענס פון דיינע פליגלען און איך זאָל נהנה זיין מזיו השכינה, אמן ואמן.“

א שוידער האָט אָנגענומען זיין גאנצעס וועזען, זיינע ליפען זיינען בלייך גע־וואָרען, ווען ער האָט געזאָגט דיא ווערטער. און א שטימע האָט איהם געזאגט: „ווייהגעשריען! דוא ביזט מחלל השם, וואָס דוא האָסט געוואגט אהער אריינצו־דרינגען. קעהר זיך אום! דוא האָסט נאך צייט!“ נאר עס איז שוין קיין צייט

ניט געווען דאס ערגסטע איז ער אריבערגעקומען און דער רבי האָט צו איהם געקריגען א צוטרוי. זיי האָבען זיך געזעצט צום טיש און דאס לערנען האָט זיך אנגעהויבען, רבי יצחק אבאָאב האָט ערקלערט זיין תלמיד דעם סוד, פאר וואָס דיא תורה הויבט זיך אָן מיט א בית, און זיי האָבען זיך אזוי פערטיעפט אין דעם ענין, ביז עס האָט זיך דערהערט דאס קלינגען פון דיא גלאָקען, עס איז געווען פונקט האַלבע נאכט.

דער רבי האָט זיך אויפגעהויבען און האט דעם תלמיד געזאָגט, אז איצט איז דיא צייט פאר חצות, ער האָט אויסגעטהאָן דיא שיך, האָט זיך אנידערגעזעצט אויפ'ן שוועל און גענומען זאָגען מיט א הערצרייסענדען קול: „על נהרות בבל". ברוך האָט איהם נאָכגעטהאָן אלעס, וואָס ער האָט געטהאָן.

נאך חצות האָבען האבען זיי זיך ווידער גענומען צו קבלה און זיינען אזוי אָבגעזעסען ביז'ן פריהמאָרגען, מען האָט געדארפט געהן דאווענען. און אזוי האָבען זיי געמאכט משמורים יעדען דאָנערסטאג ביי נאכט.

ברוך האָט דורכגעפאָרשט פיעלע ספרים פון קבלה. און האָט געוואוסט דיא נעמען פון דיא מלאכים און וויא צו בעשווערען זיי, אז זיי זאָלען טהאָן זיין פערלאנג נאר דאס האט איהם ניט זעהר שטארק אינטרעסירט, ער האָט נאָר געזוכט דעם סוד פון אלע סודות, און דיא קבלה האָט איהם געלערנט, אז דאס גאנצע פהי־זישע און גייסטיגע לעבען אויף דער ערד איז נאָר אן אָבבילד פון דעם אורבילד אין הימעל, און א קייט פון וועזען און טהעטיגקייט דערגרייכט ביז גאָט כביכול, און דאס איז דער סלם (לייטער) וואָס יעקב אבינו האט געזעהן אין חלום. ער איז דא געוואָר געוואָרען, אז נחש איז בגמטריא משיח, און משיח וועט אראָבהאקען דעם קאָפּ פון דער נחש, וואס האָט איבערגערעדט חוה'ן צו עסען פון דעם עץ הדעת. דער צוועק פון דער וועלטבעשאפונג איז דיא תורה, און נאר צוליעב איהר האָט גאָט דיא וועלט בעשאפען.

פון דער געשריעבענער תורה איז ברוך איבערגעגאנגען צו דער קבלה, וואס ווערט מעהר ניט וויא איבערגעגעבען פון מויל צו מויל. און דאָ ענדליך האָט ער געפונען נאהרונג פאר זיין פאָרשענדער זעעלע, ער האָט געזוכט אָבצוטהיילען דעם קערענדעל פון דעם שאָלעכץ, נאר צו זיין גרויסען שמערץ האט ער אויסגעפונען, אז דער שאָלעכץ פערנעהמט א גרויסען פּלאַץ. דער רבי אבער האָט געהאָט פיעל נחת פון זיין תלמיד און האָט איהם געוואָלט בעקומען פאר א חתן פאר זיין שרה. און ווען ברוך איז אלט געוואָרען אכטצעהן יאָהר, האָט ער איהם געגעבען אנצוהערן,

אז פאר איהם איז שוין צייט, ער זאל חתונה האבען, נאר ברוך האט דיעזע אנ־צוהערעניסען ניט פערשטאנען.

ברוך'ס גייסטינעס לעבען איז דאמאלס געוועזן זעהר א רייכעס, פון מאגיסטער'ס ביבליאטהעק פלעגט ער איבערגעהען צו דיא סודות פון קבלה, וועלכע האבען פאר איהם נאך געהאט א שטארקען רייץ, נאר מיט דער צייט האט ער זיך גענומען אבקיהלען צו קבלה, ווייל ער האט אין איהר ניט געפינען דיא גייסטיגע בעפריע־דיגונג, וואס ער האט אין איהר געזוכט, ער האט שוין גענומען זוכען עצות, וויא צו בעפרייען זיך פון דעם יאך פון דיא משמורים מיט רבי יצחק אבאאב, נאר א צופאל האט איהם דערפון בעפרייט.

א מאסע אידען זיינען פון אמסטערדאם אוועק נאך נארד בראזיליען צו גרינ־דען דארטען א קאלאניע. דער רבי מיט זיין טאכטער זיינען אוועק מיט זיי, אויפ'ן וועג איז דיא שעהנע שרה, וואס איז געוועזן זעהר פערליעבט אין ברוך'ן און האט ביטער געוויינט ביים זעגענען, געשטארבען, און איהרער איז געוועזן דער ערסטער אידישער קבר אין דער נייער אידישער קאלאניע.—א פאר טעג שפעטער איז ברוך צו דער געוועהנליכער שטונדע געגאנגען צום מאגיסטער. אויף דיא טרעפ האט איהם בעגעגנעט דיא ווירטהין פון הויז, פרוי גערטרואי, מיט דעם נייעס, אז היינט אין דער פריה האט זיא געטראפען דעם מאגיסטער טוידט אין זיין פאטעל און דער לאמפ האט נאך געברענט. ברוך איז ארויף אויבען און האט נאך א מאל געקוקט זיין לעהרער'ס פערשטארטע געזיכט: א קינדליכע מילדקייט איז געוועזן אויסגעגאסען איבער זיינע געזיכטס־ציגע, פאר איהם איז געלעגען אפען זיין בע־ליעבטעס בוך ציצערא. און אויף אזא אופן האט ברוך פערלארען זיינעביידע לעהרער אויף איין מאל.

## 10טעס קאפיטעל

# דיא פהילאזאפי פון לאכען.

וויא אלע זיינען יום כפור געשטאנען אין שוהל און האבען געבעטען אויף א גוט יאהר, א גוטע חתימה, איז ברוך אויך געשטאנען אין ווינקעל ניט ווייט פון טאטען און זיין תפילה איז געוועזן א פערקעהרטע פון אלעמענס; ער האט מיט א צובראכענע הארץ מיט א ריינעם געבעט מתפלל געוועזן צום מלך המלכים, אז ער זאל איהם צונעהמען פאר דער צייט פון דער וועלט און זיין לעצטע שטונ־דע זאל וואס ניכער אבקלאפען. איצט קען ער נאך שטארבען וויא א פרומער,

כשר'ער יונגער מאן, און פאר שפּעטער קען ער ניט ענטפּערן, ער האָט מורא, אז ער זאָל זיך נאָך חס ושלום ניט אראָבשלאָגען פון אמת'ן וועג און ארײנפּאַ־לען אין אפּיקורסות.

ער איז אָבער געבליעבען לעבען, ביז איצט האָט ער שטארק אָבגעהיט אלע תפילות און ברכות; ער פלעגט קײן מאָל ניט געהן שלאָפען אָהן וידוי און פלעגט זיך קלאָפּען אין הארצען אויף דיא חטאים וואָס ער איז קײן מאָל ניט בעגאנגען און פלעגט נאָך דעם רוהיג אײנשלאָפען ביז טאָג. איצט אבער האָט זיך דער צווײ־פעל גענומען צוגנב'ענען צו זײן בעט מיט שטילע טריט און פלעגט איהם ארײנ־שעפּטשען אין אויער ארײן: וואָס קלאָפּסטו זיך אין הארצען פאר חטאים, וואס דוא האָסט קײן מאָל ניט געטהאָן? האָסטו ווען בע'גנב'עט? האסטו ווען בערויבט? ער האָט געזוכט צו ענטפערן אויף דיא פראגען, אז ער קלאָפּט זיך אין הארצען ניט פאר זיך אלײן, אז ער קלאָפּט זיך פאר אלע אידען, נײן פאר דער גאַנצער מענשהײט. „א פײנע מעשה כ'לעבען", האָט איהם א קול געענט־פערט אינעווײניג. „פרעמדע טהוען שלעכטע מעשים, און דוא ווילסט זײ גוט מא־כען מיט ווערטער!" ער פלעגט זײן וידוי ניט ענדיגען און אײנשלאָפען אין מיטען. דערזעלבער צווײפעל האָט איהם גענומען פערפאָלגען אין שוהל בײם דאווענען, און באלד האָט ער אָבגעמאכט הבדלה מיט'ן דאווענען און האָט מעהר ניט געקענט בעטען, פון זײן זעעלע האָט זיך אָבגעטהאָן דיא התלהבות, פון דיא אויגען האָ־בען זיך אויסגענומען טרעהרען און דיא זיפצער פון הארצען זײנען אנטרונען געוואָרען.

איצט, ווען ער איז געזעסען בײם בעט פון זײן קראנקען פאָטער, האָט ער עס נאָך מעהר געפיהלט. טיעפע זיפצען האָבען זיך געריסען פון זײן הארצען, ברע־נענדיגע טהרערען זײנען איהם צוגעטראָטען צו דיא אויגען, אבער ער האָט ניט געקענט װײנען.

— זײ רוהיג, מײן קינד, האָט זײן פאָטער צו איהם געזאָגט. האָף צו גאָט און ער וועט אונז העלפען.

ער האָט ניט געוואוסט, אז זײנע ווערטער שנײדען, וויא מיט שווער־דען זײן זוהנ'ס האַרץ.

ברוך איז געזעסען בײם בעט שטום און קאַלט און איז ניט געווען פעהיג צו פאסען א געדאנק. פון דעם צווײטען צימער האָט זיך געהערט דער געזאנג פון פעלשער, וואָס האָט דאָרטען צורעכט געמאָכט פלאסטערס, פלוצים האט זיך

דער געזאנג איבערגעהאסט; מרים האט געעפענט דיא טהיר און אין צימער איז אריין דאָקטאָר דע סילווא מיט אן אונבעקאַנטען מאן, דער פרעמדער איז געווען א קליינער ריהרעדיגער מאן, פיין געקליידעט, מיט אזא מילדען און שעהנעם געזיכט. אז קיינער וואָלט בשום אופן געזאגט, אז דער מאן איז שוין פופציג יאָהר אלט. זיינע אויגען האָבען געבליצט און אויף דיא ליפּען האט איהם ארומגעשוועבט א קינדערשער, שפּעטישער שמייכעל. הינטער זיי איז אריינגעקומען דער פעלשער מיט דיא פלאַסטערם.

— איך קען אויף זיך אליין ניט שטעלען, האט דע סילווא געזאָגט. און האָב דאריבער געבעטען מיין קאָלעגע דר. וואן דען ענדע, אז ער זאָל מיט מיר צוזאמען מאכען דיא אָפּעראַציאָן, פיהלט איהר איצט שטארק גענוג דערצו, מיין פריינד און זייט איהר גרייט דערצו?

— יא, מיין לעבען איז אין גאָט'ס האנד.

דיא דאָקטוירים האָבען א היבשע ווייל געדעדט צווישען זיך אין ליטייניש נאר ברוך האט זעהר ווייניג פערשטאנען. ער האָט זיינע אויגען ניט אראָבגעלאָזען פון דעם פרעמדען, פון וועמעס ליפּען דיא ווערטער האָבען געשטראָמט, ווען ער וואָלט איצט ניט געהאט אין זינען דעם פּאָטער'ס קראַנקהייט, וואָלט ער איהם געווים מקנא געווען, דיא אָפּעראַציאָן איז געגען אלע ערווארטונגען גליקליך אריבער. דאָקטאר וואן דען ענדע האָט יעדען טאָג בעזוכט דעם קראנקען, וואָס איז גע־גאנגען צו בעסער, און האָט זיך דיא גאנצע צייט אונטערהאלטען מיט ברוך. ער האָט ניך דערזעהן, וואס פאר א קאמפּף עס קומט פאָר ביים יונגען ברוך אין הארצען און האט גלייך אָבגעשאצט זיין געניאלען שכל. ווען דער דאָקטאָר האָט דעם פּאָטער אָנגעבאָטען, אז ברוך זאל ביי איהם פּאָרטזעצען זיינע שטודיען אין דיא קלאַסישע וויסענשאַפטען, האט דער פאטער גערן איינגעווילינגט.

ברוך איז נאָכ'ן פּאָטער'ס געזונד ווערן אוועק מיט וואן דען ענדע צו איהם אין וואוינונג. ווען ער איז אריין צום דאָקטאָר אין הויז, האָט ער זיך דערפיהלט גאָר אין א נייע וועלט, ווען ער איז נאָך געשטאנען אין קארידאָר האָבען צו איהם דערגרייכט דיא פרייליכע טענער פון א מיידעלס שטימע, וועלכע זיינען געווען בעגלייטעט מיט דיא קלאנגען פון אן אָרגעל. דער דאָקטאָר האט זיין שילער אריינגעפיהרט אין א גרויס צימער און האָט איהם דאָרטען אויף א ווילע איבערגעלאָזט אליין, אויף דיא ווענד זיינען געהאנגען פרישע שעהנע, נאטור טרייע בילדער, צווישען זיי האָט זיך געפונען ווענוס, אין איהר גאנצער נאקעטער שעהנהייט, וויא זיא ווערט

געבוירען פון דעם ישוב פון ים. ביוסטען און סטאטועז פון ווייסען און רויטליכען מארמאָר זיינען געשטאַנען ארום. קאַנאַריען־פויגעלאך האבען געטרילערט אין זייערע בענולטע שטיינעלאך. דיא פענסטער זיינען געווען אָנגעשטעלט מיט בלומען טעפּ, פון וואַנען דיא בלומען האבען ארויסגעלאָזט א רייך שמעקעדיגען גערוך.

דער דאָקטאָר איז באלד אריינגעקומען און האָט איהם `ערקלערט דיא שעהנ־קייט און ווערטה פון דיא בילדער. פון דאָרטען איז ער מיט איהם אריין אין צווייטען צימער, וואָס איז געווען אָנגעפילט מיט דאקטארשע אינסטרומענטען, סקעלעטען פון חיות און מענשען א.ז.וו. איבער׳ן גרינעם שרייבטיש איז געשטאַנען א מאַרמאָרענע סטאַטוע, מיט א פערטריקענטען לארבער־קראַנץ ארום קאָפּ. ברוך האט אויפמערקזאם בעמערקט יעדע זאך און האָט בעוואונדערט דיא אָרד־נונג, וואס דא האט געהערשט, כאָטשע דאָ זיינען געווען אנגעשטעלט אזוי פיעל פערשיעדענע זאכען.

— אזוי? לאזט זיך דאָס לעבען אנפילען נאך מיט אנדערע זאכען אויסער הייליגע ספרים און פּרושים, האט ברוך געטראַכט מיט זיך.

דער דאָקטאָר האָט איהם ניט געשטערט, ער האָט געזוכט א בוך; ענדליך האט ער געפונען ציצערא און האָט איהם געהייסען עפּעס איבערזעצען. פון דיא ערסטע פּאָר בלעטלאך האט וואָן דען ענדע דערזעהן, אז דא דארף מען גאר אן אנדערע סאָרט לערנען, ער האָט דאָ צו טהאָן מיט א דערוואַקסענעם בוים, וואס האט שוין געבליהט און געגעבען פרוכט און איצט דארף ער איבערגעזעצט ווערען אין נייע ערד.

ברוך האט זיך אָפט אונטערגעהאלטען מיט׳ן לעהרער אין פהילאָזאָפישע פראגען, נאר וואָן דען ענדע האָט געקוקט אויפ׳ן לעבען זעהר פרייליך. ער האָט געזאגט, אז וויא באלד דער מענש שיידעט זיך אונטער פון חיות נאר מיט איין זאך, און דיא זאך איז: לאַכען, ווייל נאר דער מענש אליין קען לאַכען און קיין אנדער בעשעפענים ניט, אלזא זאל דער מענש זיך בענוצען מיט זיין מתנה און זאל לאַכען, לאַכען איז אויך גוט צום פערדייהען.

— וואָס זאלען אבער טהאָן דיא אָרימע וועלכע בענוצען זייער שטיקעל טרו־קען ברויט מיט טרעהרען? וואס זאלען טהאָן דיא אלטע, דיא קראַנקע, דיא טרוי־ערינע וועלכע געניסען גאר ניט און האבען ניט פון וואס צו לאַכען? און וואס ווע־רען זיי געפינען טרייסט און פרייד? האט ברוך געפּרעגט.

— אָה, דיא זאָלען גלויבען און זאלען געפינען טרייסט אין דער אמונה.

— וואס וועט אבער זיין ווען זיי וועלען קומען צום שכל און וועלען אלעס איבערקעהרען מיט׳ן קאָפּ אראָב און מיט דיא פּיס ארויף?

— דערפאר איז ניטא וואס מורא צו האבען דערצו וועט קיין מאָל ניט קר מען, אזעלכע וועלען שטענדיג זיין ווייניג, דיא מאסע וועט שטענדיג גלויבען און אנדערס טאָר ניט זיין, ווייל אז ניט וועט מען זיי ניט קענען האלטען אין צאָם.

— אזוי איז דאס! האט שפּינאָזא געטראכט מיט זיך, אט דאס זיינען דאס דיא יעניגע, וואס רופען זיך אָן פריייע! זיי האבען א פהילאָזאָפי פאר זייערע עט־ליכע אויסערוויילטע און דיא גאנצע מענשהייט סימערט זיי גאָר ניט.

11טעם קאפּיטעל.

## בענעדיקט.

אָלימפּיא וואן דען ענדע האָט געזונגען מיט געפיהל און אקאמפּאנירט זיך מיט׳ן אָרגעל, ווען דער פאָטער איז אריין אין איהר צימער.

— דוא שוועבסט היינט וויעדער אין דיין מוזיקאלישען הימעל, האט דער דאָקטאר געזאגט צו זיין טאָכטער, און ווייסט גאר ניט וואס עס טהוט זיך אונ־טען אויף דער ניט מוזיקאלישען ערד, עס איז שוין מעהר וויא א שטונדע, וויא מיר זיינען פערביינעגאנגען דיין צימער און דוא ביזט אלץ פערטהאָן אין זינגען. אָט האב איך דיר ענדליך געבראכט העררן דע שפּינאָזא, פון וועלכען איך מיט דיר אזוי פיעל גערעדט, דאס איז מיין טאָכטער, זיא איז מיין שטענדיגע מיטהעלפּע־רין אין מיין לערנען און איהר דארפט מיט איהר ניט בעקאנט ווערען.

— מיין פאָטער האָט מיר זעהר פיעל דערצעהלט פון אייך, און איך פריי זיך זעהר, וואס מיין וואונש מיט אייך זיך צו בעקענען, איז ערפילט געוואָרען. איך האב געמאכט א גאנץ פאלשע פאָרשטעלונג פון אייער אויסזעהן און איהר אלס פהילאָזאָף, קענט מיר זאָגען, אויב מיר קענען דאס ניט אָננעהמען אלס בעוויז, אז אלע אונזערע פאָרשטעלונגען פון זאכען און פערזאָנען, וואס זיינען אויסער אונ־זער ספערע (חוג) זיינען ניט ריכטיג.

וואס איז דאס געווען פאר א בענעגענים, אז גלייך אויף דען ערסטען טריט האט מען געשטעלט א פהילאָזאָפישע פראגע און צום ערסטען מאָל אָנגערו־פען איהם מיט׳ן נאָמען פילאָזאָף?

ברוך האט ארונטערגעלאָזט דיא אויגען איהם האָט גערוכט, אז ער פיהלט

איהרע פאָרשענדרע בליקען אויף זיין געזיכט. ער האָט זיך שטום פערניינט, און האָט ניט געוואוסט, וואס צו ענטפערן.

— מיין טאָכטער איז א האלבע פילאָזאָפין איהר קענט מיט איהר פיעל דיספוטירען, האָט דער דאָקטאָר געזאָגט אום ארויסצוהעלפען ברוך'ן פון דער פערלעגענהייט.

— דאָ האָט מיר הערר אָלדענבורג צוגעשיקט א שעהנע ליעד, האט אלימפיא געזאגט צום פאָטער, און האָט איהם דערלאנגט א בלאט.

דערנאָך האט זיא זיך געווענדעט צו שפינאָזא און האט געזאגט:

— זייט איהר אויך מוזיקאליש, הערר פאָן שפינאָזא?

— ניין.

— אבער איהר זינגט דאָך תהילים? איהר וועט מיר אמאָל זינגען א העבּ־רעאישען קאפיטעל תהלים, איך וואלט וועלען הערען וויא דאס קלינגט. וויים מען נאָך דיא מעלאָדיען פון קעניג דוד?

— מיר האָבען נאָך פיעל עלטערע, ווייל כמעט אלע אונזערע מעלאָדיען, אזוי געהט דיא זאגע, שטאמען פון בארג סני. דיא תפלות זיינען פיעל שפּעטער פער־פאסט געוואָרען און דיא נגונים זיינען דערווייל געגאנגען פון מויל צו מויל אָהן ווערטער.

— דאס איז קאָמיש; עס איז פונקט וויא קליידער זאלען שפּאציערען אָהן קערפּערס, אדער ביקסען זאלען שיסען אָהן סאָלדאטען.

— איך האָב נאָר געזאגט וויא דיא טראַדיציאָן (מסורה) דערצעהלט.

— אָה, דיא טראדאציאָן איז א שעהנע! אויב מיינע קריסטליכע אויערען מעגען דאס הערען, זינגט מיר עפּעס פון דיא סני־נגונים.

ברוך האט זיך ענטשולדיגט דערמיט, וואָס ער קען ניט זינגען, נאר אלימפיא איז צו איהם אזוי שטארק צוגעשטאנען, אז ער האט ניט געוואוסט, וויא זיך ארויסצודרייען.

— דאס איז א מוזיקאלישער פאנאטיזמוס, האט געזאגט וואן דען ענדע. האָב גערולד, ביז הערר שפּינאָזא וועט דיר אליין וועלען זינגען דיא נגונים. דוא ברענגסט דאָך אזוי יעדען אריין אין א פערלעגענהייט.

אָלימפּיא האט געבעטען אום ענטשולדיגונג, און האָט אויך געבעטען, אז ער זאָל פון איהר ניט שלעכט אורטהיילען דאריבער.

ברוך איז לאנג ניט געזעסען און איז אוועק פון איהר אין א שלעכטען מוטה.

איהם האָט נעשיינט, אז אָלימפּיא האט פון איהם געלאכט, און ניט אזוי פיעל פון איהם פערזענליך, וויא פון דיא אידען אין כלל, און דאס האט איהם שטארק פערדראָסען.

דאס איז נעווען זיין ערסטע בעקאנטשאפט מיט אָלימפּיא, ווען ער איז דאס ערסטע מאָל אריינגעקומען צו דאקטאר וואן דען ענדע אין הויז, פון דאמאלס אן האט ער איהר אָפּט בענענענט, נאָר ער פלעגט מיט איהר בלויז רעדען א פּאָר ווערטער און האָט זיך וויינינ געקימערט וועגען איהר. ער האָט געקענט זאגען מיט איוב׳ס ווערטער אז ער האט א בונד געשלאָסען מיט זיינע אוינען, אז ער זאָל ניט אַכטען אויף א יונגפרוי.

נאר באלד איז געקומען דיא צייט, ווען ער האט ניט נאר גערארפט אויף איהר קוקען, זאנדערן זיך צו הערען מיטביידע אויערען צו איהרע ווערטער. דער דאקטאר איז אוועקגעפאהרען אין א ווייטע רייזע און ער האט איבערגעגעבען זיינע שילער צו זיין טאָכטער אָלימפּיא.

אָלימפּיא איז נעווען זעהר היימיש אין דער קלאסישער וועלט און איז געווען שטארק גענייגט צו פאָרשונגען. זיא האט גרינג געקענט ווערען דאקטאר פון פילאָזאָפיע, האָט נאר זיא האָט גוט ׳געוואוסט, אז א שווארץ סאמעטענע היטעלע, בעפּוצט מיט ברוסעלער ישפּיצען האט בעסער געקליידעט צו איהרע בלאָנדע לאָקען און ליליען־ווייסע געזיכט, אלס דער רויטער און שפּיצינער דאָקטאר־הוט.

דיא ערסטע טעג האט זיך ברוך געפיהלט ניט גוט ביי דיא לעקציאָנען פון זיין לעהרערין. ווען זיא האָט געשטעלט א פראגע האט ער געענטפערט וויא א נעצוואונגענער, און דאס האָט איהר בייז געמאכט. מוט דער צייט אבער האט זיא פערשטאנען וויא צו מאכען דיא לעקציאָנען אנגענעהמער פאר איהם. זיי האָבען גערעדט וועגען פעלקער און לענדער, און זיא האָט געפונען זיינע אידעען זעלטזאם, ווייל ער איז נעווען געוואוינט אלעס צו בעטראכטען פון דעם שטאנדפּונקט פון דער אידישער געשיכטע און דאס פלעגט צייטענווייז איהר אמוזירען; אבער דאס וואס ער האט גערעדט, האט ארויסגעוויעזען, אז זיין מארך שלאָפט ניט און דאָר־טען קומט פאָר א געוואלדיגע ארבייט.

א מאָל זיינען זיי געזעסען און גערעדט וועגען אלעקסאנדער מוקדן. זיא איז צו איהם צונעשטאנען, ער זאָל איהר בעקאנט מאכען מיט דיא שעהנע לעגענדען, וואס געפינען זיך אין תלמוד וועגען איהם. פּלוצים האָט זיך דערהערט א קלאַפּ אין טהיר.

— העריין! האָט אָלימפּיא געזאָגט.

דיא טהיר האָט זיך געעפענט און אין צימער איז אריין א הויכער מאַן מיט א פיין געשניטענע צייכנונג, ער איז צוגעגאנגען צו אָלימפּיא, האט איהר א קוש געטהאָן דיא האנד און געזאָגט.

— איך בין גליקליך צו קוסען דיא האנד, וואס האט שוין ניט איינעם אריינ־געפיהרט אין דעם טעמפּעל פון דיא קלאסיקער.

— אך, וואס פאר א שאדען עס וואָלט געווען, ווען איהר וואָלט ניט אויס־געקליעבען דיא קאריערע פון א דיפּלאָמאט.

— א דאנק אייך, וואָס איך בין א דיפּלאָמאט, קען איך אייך דערצעהלען נייעס, איהר ווייסט, אז מיין געבורטסשטאָדט איז עהנליך צו אייערע, נאר אין איין זאך איז זיא ניט גלייך, און דאס איז אין איהר האלטונג צו דיא אידען. בּי, אונז וואָלט מען קיין מאָל ניט ערלויבט, אז אברהם׳ס קינדער זאָלען אויפבויען א שיף און געבען איהר דעם נאמען „איד“ און אזוי לאָזען איהר געהן איבער׳ן ים. איז דען דער נאָרד מעער ניט קיין קריסטליכער? און דאריבער האָט זיך דער ים צובונטעוועט און האָט דעם „איד“ איינגעשלונגען. איך האָב היינט געהערט, וויא אן אלטער מאטראָז האָט געזאגט, אז דאס אונגליק איז נאר געשעהן, ווייל מען האָט געהאט צו טהאָן מיט אידען.

ברוך האט זיך אויפגעהויבען גלייך בּיים פרעמדענ׳ס איינטרעטען, ער האָט גענומען זיין בוך אונטער׳ן ארם און האָט זיך געוואָלט זעגענען מיט אָלימפּיא. ער האָט זיך שוין צוויי מאָל געוואָלט פערנייגען, נאָר זיא איז געווען אזוי פערנומען מיט׳ן פרעמדען, אז זיא האָט איהם ניט בעמערקט, איצט איז ער ווייטער צוגע־טראָטען, נאר דער פרעמדער האָט איהם ניט ווילענדיג פערשטעלט דעם וועג.

— איך מוז אייך נאך ערקלערן, פאר וואָס איך בין צו אייך געקומען אין אזא אונגעוועהנליכער שטונדע, איהר וועט געווים היינט זיין אין דער רעדנער־קא־מער און איך האָב אייך געוואָלט זאָגען, אז איהר זאָלט פריהער אריינגעהן אין באָטאנישען גאָרטען, איהר וועט דאָרטען זעהן א זאך, וואָס איהר האט נאָך אין אייער לעבען ניט געזעהן — א בליהענדען פּאלמען־בוים.

א רגע איז געוואָרען שטיל און דא איז ענדליך ברוך׳ן געלונגען צו פערנייגען זיך פאר אָלימפּיא און ארויסמורמלען א פּאָר ווערטער:

— איך וועל אייך נאך ניט אוועקלאָזען, הערר פאָן שפּינאָזא, איהר מוזט מיר דערצעהלען אייער לעגענדע, און ווען איך וועל זעהן דיא זיעדליכע פּאלמע,

וויל איך אייך אויך קענען עפּעס דערצעהלען פון אייער היימאטה.

— איך האָב אבער מורא, אז דער מאטראָז האָט געהאט רעכט, איך וועל בעסער אוועק געהן, האט ברוך געזאגט און האָט א וואָרף געטהאָן א בליק פון דער זייט אויפ׳ן פרעמדען.

— אָה, האט דער פרעמדער געזאָגט, אויפהויבענדיג זיך. מיין אלטער פריינד קאספּאר בארלאוס האט, וויא עס שיינט געהאט רעכט, ער האָט זעהר פיעל גע־האט צו טהאן מיט אידען און האט זיי זעהר ליעב געהאט פאר זייער גייסטרייכ־קייט; נאר איבער איין פעהלער זייערן פלעגט ער זיך בעקלאָגען, נעמליך, זיי נעה־מען אן פאר שפּאָט דעם אונשולדיגסטען בליק אין דעם קלענסטען שפּאס. איך פערזיכער אייך, און דאס וועט אייך אויך זאגען פריילין אָלימפּיא, אז איך האָב ניט געהאט דעם מינדעסטען געדאנק אייך צו בעליידיגען, אין געגענטהייל, איך האָב דיא בעסטע מיינונג פון אידען.

— אמת, האָט אָלימפּיא געענטפערט; איך בין אליין שולדיג אין דעם, ווייל איך האָב אייך ניט פאָרגעשטעלט, פון הערן דע שפּינאָזא האָב איך אייך שוין דערצעהלט און דאס איז הערר אָלדענבורג, דער געזאנדטער פון ברעמען. איך בעט אייך, דערצעהלט מיר דיא לעגענדע, אז ניט וועל איך דענקען, אז איהר זייט אויף מיר אין כעס.

ברוך האט געזוכט אויסצודרייען זיך דערפון.

אָלדענבורג האָט זיך צו איהם געווענדט:

— נעהמט אָן מיין ראטה און פאָלגט, וואס זיא בעט אייך, ווייל פריילין אָלימפּיא׳ס איינציגער געבעט איז, אז איהר ווילען זאָל געטהאָן ווערען אין הימעל גראדע אזוי וויא עס ווערט געטהאָן אויף דער ערד. איהר וועט זיך פון איהר ניט אויסקויפען און אם ענדע וועט איהר דאך מוזען טהאָן, וואס זיא בעט אייך.

פאר אין ברירה האט זיך ברוך אנידער געזעצט און האט דערצעהלט דיא לעגענדע, וויא אלעקסאנדר מוקדן קומט אָן מיט זיין ארמיי צו דיא טהויערען פון גן עדן. אָלדענרורג האָט דאן דערצעהלט דיא דייטשע לעגענדע וועגען איהם און אזוי האָבען זיי פערבראכט א פרייליכע שטונדע אין א געשפּרעך וועגען דעם גרוי־סען העלד, וועמען אלע פעלקער האָבען בעפּוצט מיט דיא בלומען פון זייער פּאָעזי. אָלדענבורג און אָלימפּיא האָבען זיך פערוואונדערט צוגעהערט, וויא שפּינאָזא האָט פעסט און רוהיג אויסגעשפּראָכען זיין מיינונג, אז אבערגלויבען איז דיא טאָכטער פון מורא. אלקסנדר מוקדן איז דער בעסטער ביישפּיעל דערפון, ווייל וויא נאָר

איהם האט עפעס ניט געלונגען, האט ער מקריב געווען קרבנות און גערופען אלע עבודה זרה׳ס צו הילף. אין דער ארט און ווייזע, וויא ברוך האָט גערעדט און אין דער געשווינדקייט, מיט וועלכע ער האָט צונויפגעשטעלט דיא ציטאטען פון פער־שיעדענע קוועלען, האבען זיינעביידע צוהערער דערקענט, אז זיי האָבען צו טהאן מיט א פאָרשענדען גייסט, וועלכער בעטראכט דיא פערגאַנגענהייט גאר מיט נייע בְּלִיקען.

פון יענער צייט פלעגט אָלדענבורג עפטער קומען צו אָלימפּיא און האט געזוכט גראדע צו קומען גראדע דאמאלס, ווען ברוך האָט זיך דאָרטען געפונען. אָלימפּיא האָט זיך זעהר געפרייט, וואס ביידע יונגע לייט בעפריינדען זיך מיט יע־דען טאָג מעהר און מעהר. זיא איז געווען שטאָלץ דארויף, וואס זיא האָט צוזאַ־מען געפיהרט צוויי מענשען פון פערשיעדענע וועלטען, און זיא האָט שטענדיג גע־זוכט ארויסצורופען ביי אָלדענבערג דיא רייכע־וועלט ערפאהרונגען און בעלעזענהייט, און ברוך׳ס טיעפען פאָרשענדען גייסט, ברוך און אָלדענבערג זיינען אין גיכען גע־וואָרען דיא בעסטע און איבעגענעבענסטע פריינד אָהנע וועגען דעם צו רעדען. -

— איהר האט שוין באלד געענדיגט דעם קורס אין ליטיין, האט א מאָל אָלימפּיא געזאגט צו ברוך, וויא וואָלט געווען, אז אויס דאנק זאלט איהר מיר אונטערריכטען אין דער העברעאישער שפּראך.

— וויא עס שיינט, ווילט איהר מיט׳ן אריבערשפּרינגען פון איין שפּראך צו דער צוויטער, אז איך זאל אייך פערשאפען א פּראָפעסאָר־שטעלע אין אוניווערזיטעט האט אָלדענבערג געזאגט צו אָלימפּיא. איך שטעל זיך פאָר, וויא סטודענטען וואָלטען געלאָפען אין קאלעדזש אום צו הערען דיא פּאָרטראגען פון דיא הויך געלעהרטע אָלימפּיא וואן דען ענדע.

— בעדענקט אייך האט ברוך געענטפערט; דיא שפּראך, וואס איהר ווילט איצט לערנען, איז א הייליגע.

— זייט איהר דען א הייליגער? האט געענטפערט דיא גערייצטע אָלימפּיא, איהר טראָגט געוויס א העברעאישען נאמען, — וויא הייסט ער?

— ב

— באה־רוך! האט אָלימפּיא ווידערהאָלט און האט זיך קוים איינגעהאלטען פון לאכען, באה־רוך! הר־ו! עס ווארפט אויף מיר אָן א שרעק. עס קלינגט וויא א אויסרופונג צו גייסטער. קאָ׳מיר זעהן, וויא ער קלינגט אין מוזיס.

**זיא איז צוגעגאַנגען צום אָרגעל, און האלטענדיג אין איין זינגען דאס וואָרט**

„ברוך“ האט זיא איהם בעגלייטעט מיט דיא טרויעריגסטע טענער.

— אום גאָטעס ווילען, איהר מוזט דעם נאָמען אומבייטען, אז ניט וועט געשעהן א צרה, איך האב א מאָל געהאט א גוטע פריינדין; איהר געליעבטער האָט געהייסען באלטהאזאר פראָמפראָניאוס; זיא האָט זיך געפיהלט זעהר אונגליקליך גו, זאנט אליין, וויא קלינגט עס: ליעבער באלטהאזאר! ניין, א צארטעס ווערטעל קען עס גאָר פאר דיא ליפען ניט ברענגען, עס רייסט גאר דיא אויערען, מיין פריינדין האט זיך בעגיגענט דערמיט, וואס זיא פלעגט צו איהם זאָגען בלויז ליעבער, און זיין נאמען גאר ארויסגעלאָזען און דער סוף איז געוועזן, אז מיט דער צייט האָט זיא מיט דעם וואָרט געמיינט אן אנדערן. און איך גלויב, אז נאר דער נארישער נאָמען איז געוועזן אין דעם שולדיג.

— אזוי, זייט איהר טאקי ניט אזוי אונגלויביג, וויא איהר גיט זיך ארויס, האָט ברוך געענטפערט.

— באה־רוך! האָט אָלימפיא ווידערהאָלט, צוזאמענגעהמענדיג אלע איהרע טיעפסטע טענער. באה־רוך? ניין, אזוי געהט ניט, איך האָב רחמנות אויף אייער קינפטיגע פרוי, איך האָב מורא, אז איהר וועט דאס זעלבע געשעהן, וואס מיין אָרימער פריינדין. פאָלגט מיר בעסער און קלייבט אייך אן אנדערן נאָמען. האָט דער קרעבציגער נאָמען עפּעס א בעדייטונג?

— געוויס, ער בעדייט געבענשטער.

— בראוואָ! גוט! האָט אָלימפיא אויסגעשריען און האָט געפּאטשט אין דיא הענד. אלזאָ בענעדיקט! דאָס איז א גראָסארטיגער נאָמען, אויב איהר וועט ווערן פּאָפּסט, וועט איהר הייסען בענעדיקט דער פופצעהנטער, פינף און זעכציג יאָהר נאָכ׳ן טוידט וועט איהר ווערען אַ הייליגער און פון אלע פיער עקען פון דער וועלט וועט מען זיך צוזאמען קומען צום קבר פון דעם הייליגען בענעדיקט. „ליעבער בענעדיקט!“ הערט נאר וויא וויך און זיס דאס קלינגט. אבער ברוך — ברכבו! ניט מיר אייער האנד און פערשפּרעכט מיר פון היינט אָן צו טראָגען דעם נאָמען בענעדיקט. איהר זייט דאך א געלעהרטער און דארום מוזט איהר אויך האָבען א ליטיינישען נאָמען. איהר וועט א מאָל דערלעבען צו עהרע און איך וועל אויך עפּעס דערצו בייטראָגען. איהר טאָרט אויך ניט אָבשניידען דעם וועג פאר אייערע נעגנער, און געבען זיי דיא מעגליכקייט, אז זיי זאָלען קענען זאָגען עפּעס א וויץ איבער אייער נאָמען. מען וועט קענען זאָגען, אז איהר האָט גיכער געדאופט הייסען דער פערשאָלטענער איידער געבענשטער.

אָלימפּיא האָט ניט געוואלט הערען פון קיין שום אנוועגדונגען פון ברוך׳ס זייט.

— אויב איהר וועט מיט אייער אייגענעם ווילען ניט אננעהמען מיין פאָר־שלאג, וועל איך פאר אייך פון היינט אָן קיין אנדערן נאָמען ניט האבען, וויא „רבי ברוך״ און דאס איז נאָך ניט אלעס; איך וועל קויפען א פּאַפּעגאי און וועל איהם אויסלערנען דיא ווערטער „רבי ברוך״ און וועל איהם אויפהענגען איבער׳ן פענסטער און יעדעס מאָל, וואס איהר וועט פערבייגעהן, וועט ער אייך נאָכשריי־ען „רבי ברוך״! רבי ברוך!״ איך קען איינזעהן וויא מענשען וועלען זיך אבשטע־לען פאר׳ן הויז און קוקען אויף דיא פערזאָן וואס טראָגט א נאָמען, וועלכער קלינגט וויא א קרעכץ פון א ווארָנע (ראבע). איך פרעג אייך צום לעצטען מאָל, וועט איהר מיר פאָלגען צו ניט?

— געדענקט איהר ניט, וואס איך האָב אייך געזאָגט דעם ערסטען טאָג פון אונזער בעקאנטשאפט, אז זיא וועט אויספיהרען וואס זיא וויל, און קיין עקשנות וועט דערביי ניט העלפען? גיט בעסער נאָך, האט אָלדענבורג געזאגט.

ברוך האָט איינגעוויליגט און האט דערלאנגט אָלימפּיא דיא האנד. זיא האָט איהם א ווארעמען דרוק געטהאָן.

— זעצט אייך, האָט זיא געזאגט, און איהר, הערר אָלדענבורג, קומט אהער, איהר וועט זיין א עדות.

זיא האָט ארויפגעלעגט איהרעביידע הענד ברוך׳ן אויפ׳ן קאָפּ און האָט געזאָגט:

— אין נאָמען פון אריסטאטעל, בייקאָן און קארטעזיאוס גיב איך דיר דעם נאָמען בענעדיקט. און ווינש דיר דיין נאָמען זאָל ווערען גרויס און זאָל דויערען אויף אויבּיג. ווען דוא וועסט דיין נאָמען אונטערשרייבען, זאָלסטו געדענקען יענע, וואָס האט דיר געגעבען דעם געבענשטען נאמען. אמן.

דיא לעצטע ווערטער האָט זיא אויסגעזונגען אין א פריילינבען טאָן פון דער קירכע.

— האָב איך ריכטיג געמאכט? האט זיא געזאגט אראָבנעהמענדיג איהרע הענד און דערביי ניט א ריהר געטהאָן ברוך ביים באָס.

— אזוי גוט, האט אָלדענבורג געענטפערט, אז אויב איהר וועט געפינען, וואס מיין נאָמען העגריך קלינגט ניט מעלאָדיש, וועל איך אייך בעטען, איהר זאָלט

מיר געבען אן אנדערן, ווייל איך וואָלט ווינשען צו וויסען, וויא עס פיהלט זיך אונטער אייער בענשענדיגער האנד.

אָלימפּיא איז רויט געוואָרען און האָט א פּיהר געטהאָן מיט דער האנד איבער׳ן שטערן, אום צו פערבערגען איהר פערלעגענהייט.

12טעס קאַפּיטעל.

# אַ נייער מענש.

פון דעם נייען, פריילינבען קרייז אין דאָסטאָר׳ס הויז, האט ברוך ווידער גע־מוזט געהן אין דער פינסטערער ישיבה, ער האָט געפיהלט, וויא איינציגווייז, רייסען זיך איבער דיא פעדים, וואס בינדען איהם צו צו יענעם לעבען. און דאך איז ער נאך אזוי שטארק פערבונדען מיט יענעם לעבען. איהם האט אויסגעוויזען, אזוי וויא זיין אינערליכער מענש איז שוין פון דאָרטען אוועק, נאָר זיין אויסערליכער איז נאָך דאָרטען פערבליעבען. איהם האָט געדוכט, אז דיא ווייכע און ווייסע האנד האט פון איהם ארונטערגענומען דעם קרוין פון רבנות און האט איהם דער־פאר געמאַכט פאר אַ ברודער צו דער גאנצער מענשהייט.

פערזונקען אין טרויעריגע געדאנקען איז ער אוועק פון אָלימפּיא אין דער ישיבה אריין. דאָרטען האָט ער זיך געזעצט אין א ווינקעל און האָט אויפגעעפענט א ספר, אָבער ניט צו לערנען נאר ער זאָל קענען פריי טראכטען. מען האט איהם אָבער דאָרטען ניט געלאָזט צורוה, חסדי איז באַלד צו איהם צוגע־גאנגען און האָט איהם געבעטען ער זאָל איהם ערקלערען א שווערען ענין אין גמרא. ברוך האָט ניט געדארפט לאנג טראכטען, אום קלאָר צו מאכען איהם דעם ענין.

— איך האָב שוין לאנג געזאָגט, אז דוא וועסט זיין א צווייטער שמשון הגבור אין גייסט און אין קענטניס. אז מען חיל דיך אין ערגעץ ניט אראָבלאָזען, נעהמסטו דעם טהויער מיט האק און פאק און טראָגסט איהם אוועק, אבער איך בעט דיך אום גאָטעס ווילען, לאָז דיך ניט פערפיהרען פון דער דלילה, צו וועלכע דוא וואַנדעלסט איצט. איך אליין האָב איהר קיין מאָל ניט געזעהן זאל מיך גאָט אָב־היטען דערפון! אבער וויא איך האָב געהערט, איז זיא ניט קיין יפת תואר און קיין יונגע.

— איך וויים ניט, וואס דוא ווילסט, לאָז מי צורוה, האט ברוך געענט־פערט מיט כעס.

— וואס איך וויל! האט חסדי געענטפערט, וויא גוט דוא קענסט זיך פערשטעלען. איך מיין דעם דאקטאר׳ס טאכטער, וויא הייסט זיא דארט? אלימפיא וואן דען ענדע, און וויא מען זאגט רעדט זיא אויף זיעבען שפראכען. הער מיך אויס, וויא מען זאגט, חאלטען זיי דיך גוט אין דיא הענד. טהו וואס שמשון האט געטהאן: פאנג דריי הונדערט פיקסען, בינד זיי אויף דיא עקען צוזאמען, צינד זיי אן און שיק זיי אריין צו דיא פלשתים אין דיא קארן. דוא פערשטעהסט, וואס איך מיין, אבער איך האב מורא, אז גאט זאל משמר ומציל זיין, זיי שטעכען דיר אויס דיא אויגען און מאכען פון דיר חוזק.

— שאדע, האט ברוך געענטפערט, וואס דוא בעהאלסט ניט דעם משל מיט שמשון פאר דיין מארגענדיגען דרוש. נאר איך קען דיר זאגען, אז אויב זיי מיינען עס טאקי צו טהאן, וועל איך קענען האנדלען, וויא שמשון און אויסרופען: תמות נפשי עם פלשתים! איך שטארב צוזאמען מיט דיא פלשתים.

איהם האט זעהר וויהה געטהאן דאס הארץ, וואס אלימפיא׳ס נאמען איז איז אריין צו חסדי אין מויל און איהם האט געדוכט, אז דאס איז א חלול הקדש, אז איהר ש׳הנע געשטאלט זאל בעשמוצט ווערען פון זיינע גראבע לאפעס. זיין ווידער־געפיהל געגען חסדי איז וואס ווייטער געווארען שטארקער, ווייל ער האט דייטליך ארויסגעזעהן, וויא יענער שפירט נאך יעדער בעוועגונג פון זיין גייסט, ער מוז דאביי האבען א ציעל, ווייל עס העלפט ניט אפילו, ווען מען איז גראב צו איהם.

שבת האט חסדי געהאלטען דעם ערסטען דרוש און איז מאוס דורכגעפאלען.

— איך האב אנפאנגס גאר ניט געהאט געגען דעם, אז חסדי זאל ווערען מרים׳ס חתן. חסדי האט א פערמעגען און א ירושה אויך. ער איז אויך ניט זעהר העסליך, און קען ביז איצט ניט פערשטעהן, פאר וואס מרים זאגט, אז איהר עקעלט פון איהם; נאר אזוי וויא איך קען פאר איהר קיין בעריהמטען תלמיד חכם ניט קריעגען און חסדי וועט קיין מאל ניט זיין בעריהמט וועל איך איהר בעסער חתונה מאכען פאר מיין פריינד׳ס זוהן שמואל קאססערעז.

ברוך האט צוגעשאקעלט מיט׳ן קאפ.

— איך גלויב, האט דער פאטער ווייטער גערעדט, אז עס איז שוין צייט פאר דיר אויך צו לאזען זיך הערען, עס וואלט אונזער פאמיליע פערשאפט נחת, און איך וואלט אויך וועלען מיט מיינע אלטע אויגען זעהן, וויא דוא וועסט שטעהן

אויף דער בימה און האלטען א דרוש. ווער ווייס, וויא לאנג איך קען נאך האבען דעם נחת

ברוך האט ניט געענטפערט, איהם האָט געדוכט, אז איהם וועט אָנכאפּען א שווינדעל, ווען ער וועט שטעהן אויף דער בימה וויא דיא אנדערע, וועלכע ריידען מיט אזא איבערצייגונג, אזוי וויא גאָט וואָלט זיי איינגעלאדען צו זיך אין דער פמליא של מעלה און מישב געווען זיך מיט זיי, וואס ער זאָל טהאָן.

— וואס ביזטו אזוי פערטראכט, ברוך? האט דער פאָטער געפרעגט, מיר דוכט, אז דוא ביזט שרעקענדיג, שעהם זיך, דוא דאָסט דאך שטענדיג געהאט אזוי פיעל מוטה! גערייכסטו, וויא דוא פלעגסט רעכענען פאר דיא גרעסטע ברכה פון גאָט צו שטעהן אויף דער בימה און אין ווערטער לעבענדיגע אויסגיסען דעם גייסט פון גאָט אויף דיא גאנצע געמיינדע?

— איך בין קראנק, האָט ברוך געענטערט, איך האָב א שטארקע הארצקלאפּענים דוא ווייסט דאך, אז ניט לאנג האב איך געשפּייט מיט בלוט,

— באָ־באָ! דאס איז נאָר א תירוץ. איך וועל איבעררײידען ווענען דעם מיט דאָקטאָר דע סילוואַ, און ווען ער וועט עס ערלויבען, ווסעטו מיין וואונש ערפילען און אין פיערצעהן טאג ארום האלטען א דרשה. אז ניט וועל איך דיר ניט פערצייהען אפילו א מינוט פאר'ן טוידט.

ברוך האט אויף דעם גאָר ניט געקענט ענטפערן. סילוואַ, וויא מען האָט געקענט ערוואַרטען, האט ערלויבט צו האלטען דיא דרשה, און ברוך האט זיך געמוזט פערפערטיגען צו דעם.

דער יונגער בעל דרשן האט אריינגעקוקט אין פיעלע ספרים, צו שעפּען פון זיי מאטריאל פאר דער דרשה. זיין האנד האָט גערוהט אויף אן אָפענעם רמבם, און זיין בליק האט געוואנדערט איבער דיא לאנגע שאפעס פון ספרים. דאָרטען לעבען דיא ווערטער און געדאנקען פון פערשוואונדענע גייסטער. זיי האבען אויך געווים געקעמפּפט, געצווייפעלט און געטרויערט. דאָך האבען זיי צום סוף געפונען פריעדען. איז דאס ניט א גרויסע עזות צו מאכען צו גאר ניט זייערע ווערטער און לעהרען? טויזענדער זיינען געווען קליגער פאר דיר, בויג אראָב דיין שטאָלצען קאָפּ און דוא וועסט ווידער אריין אין דער קאלייע און דיין זעעלע וועט געפינען אן ערלייכטערונג. דוא ווילסט עס דוא קענסט עס און דוא מוזט עס טהאָן. וואו וועסטו געפינען קראפט צו געהן דעם איינזאַמען וועג, וואו קיינער וועט דיך ניט

נאכגעהן? דיא גייסטער פון דיינע אבות קוקען אראב צו דיר, גיבען דיר זייער ברכה און נעהמען דיך אריין איז זייער קרייז.

א שטראהלענדע בעגייסטערונג האט געלייכט פון ברוך'ס אויגען, ווען ער האט געדענקט אין דיא פערשוואונדענע גייסטער. יא, ער וועט ריידען; ער וועט נאך א מאל פרובירען.

דער שבת איז געקומען. אין שוהל איז געווען שטיל, אלע האבען איינגע־האלטען דעם אטהעם צו הערען דעם יונגען רעדנער, און אלע אויגען האבען גע־קוקט אויף איהם, ווען ער איז ארויף געטראטען אויף דער בימה. וואס פאר א רוח האט איצט געבראכט פאר איהם אלימפיא'ס געשטאלט מיט דיא שפעטישע מינע, וויא זיא זאגט צו איהם: „רבי ברוך! רבי ברוך!" ער האט אנגעווענדעט זיין גאנצע קראפט אום צו פערטרייבען פון זיך דאס בילד. בלייך וויא א מת איז ער געשטאנען אויבען און געווישט דעם קאלטען שוויס פון שטערן, מיט א ציטערנדיג קול האט ער אנגעהויבען: קרוב ד' לכל יקראהו באמת, ער האט געשילדערט מיט העלע פארבען דיא קוועלען פון דעם צווייפלער, וואס האט ניט קיין גאט אין הימעל און קיינעם אין הארצען. און דערנאך איז ער איבערגעגאנגען צום צווייטען טהייל פון דרוש און האט געזאגט: גליקליך איז יענער, וואס האלט זיך פעסט ביים גלויבען פון זיינע פאטערס; ער העלפט ווייטער צו בויען דיא געביידע אויפ'ן פונדאמענט, וואס זיי האבען געלעגט. וואס ווייטער איז זיין רעדע געווארען פייע־ריגער, זיין שטימע קלינגענדער, פלוצים האט ער דערפיהלט, וויא עס איז איהם ענג געווארען אין ברוסט און דאס בלוט האט א גאס געטהאן פון זיין מויל אין טיכעל, וואס איז געווען דורכגעווייקט מיט שוויס.

אין שוהל איז געווארען א שטילקייט, וויא אויף א בית הקברות, איינער האט גענומען קוקען אויפ'ן צווייטען און דערנאך אויפ'ן יונגען רעדנער מיט נרוים רחמנות. דער פאטער האט שוין געעפענט דאס מויל צו זאגען זיין זוהן, ער זאל אראבגעהן פון דער בימה, נאר ברוך האט זיך אויסגעגלייכט און האט געשלאסען זיין דרשה מיט א קליינע תפלה.

וויא מיט איין קול האבען זיי אלע אויסגעשריען „יישר כח! יישר כח!"

ברוך און דער פאטער האבען באלד פערלאזען דיא שוהל; ווען זיי זיינען פערבייגעגאנגען פערביי חסדי, האט ער זיי פריינדליך געפרעגט, צו זאל ער זייא געהן בעגלייטען, ברוך האט איהם בעדאנקט. אין דער גאנצער שטאדט האט מען שבת גערעדט פון ברוך'ס אונגליק, אלטע ווייבער האבען געזעהן אין דעם א שלעכטע

נבואה, נאר תסדי האט געשוויגען; ער האָט געהאט אן אורזאכע ניט צו ריידען.

ברוך איז אָבגעלעגען צו בעט דריי טעג, און וויא נאָר ער איז אויפ'ן פיער־טען טאָג אויפגעשטאנען, האט ער געוואָלט געהן צו אָלימפּיא.

דוא דארפסט מעהר אין דעם הויז ניט געהן, האָט דער פאָטער צו איהם געזאגט, איך האָב זיך אָנגעהערט פיינע מעשיות וועגען דעם דאָקטאָר. אויב מען מען זאָל גלויבען, איז ער דער שטן אליין. גרינהויף'ס זוהן, וואס איז געשטאָרבען מיט איין טאָג צוריק, האט זיך פאר'ן טויט מתודה געווען, אז ער האט אין גאנצען פערלאָרען זיין אמונה צוליעב דעם דאָקטאָר, ער מאכט עפּעס א גאנצע סעקטע, וויא הייסט זיא דאָרט? איך האָב דעם נאָמען געוואוסט, גאר איך האָב פערגעסען, נאר וואס איז דער אונטערשיעד, דוא דארפסט אהין ניט געהן.

ברוך האט געוואָלט איינרעדען דעם פאָטער, נאר ער האָט געענטפערט:

— און נאך ערגער פון פאָטער זאָגט מען, איז דיא טאָכטער, זיא קען דעם טייוועל פעררעדען אין זיבען שפּראך. וויא דוא ווייסט מיין זוהן, לאז איך זיך פון קיינעם ניט איינרעדען, נאר איך וויים, אז דיזע דאמע איז ארומגערינגעלט מיט א גאנצער מחנה פון געלעהרטע לייט, וועלכע בוקען זיך פאר איהר וויא פאר א געצפע. גלויב מיר, איך קען דיא וועלט בעסער, וויא דוא. מען לאכט דאָרטען, מען שפּאסט, מען ווארפט זיך מיט געפּוצטע פראגען, מען דיספּוטירט מיט בעגייסטערונג. א רייכער אינגעל, וויא דוא, וועט דאָרטען גאָר ניט געפינען, אויסער דיא ערלויבטע פרייליכקייט פון דער קלאסישער וועלט; נאר ווען דוא וועסט זיך גוט צוקוקען, וועסטו אויסגעפינען, אז דאס איז א פערשטעלטע לייכטזין, וואס וויל ניט אנערקענען קיין געזעץ און קיין בעשרענקונג; — האבען דען דיינע עלטערן צוליעב דעם פערלאָזען זייער היים, צוליעב דעם זיך אבגעזאגט פון זייער כבוד און יחוס און בעניגענט זיך וואס זיי קענען אָפען גאָט בעטען; אום זייערע קינדער זאָלען זיך דאָ אָבגעבען מיט דעם, פון וואס זיי האָבען דארטען ניט גע־וואָלט וויסען? דוא ווייסט דיא תורה בעסער פון מיר, נאָר אין וועלטזאכען בין איך מעהר ערפאהרען. גלויב מיר, אז דוא וועסט קיין גליק געפינען, ווען דוא וועסט זיך איבערגעבען אין דיא הענד פון יצר הרע. בלייב בעסער אין דעם שטילען בית המקדש פון דיא הייליגע וויסענשאפטען. זיי צופריעדען, וואס מען לאָזט דיר דאָרט לעבען, וויא דוא אליין האסט היינטיגען שבת געזאגט.

ברוך, ווען דער דאָקטאָר האָט פערבאָטען צו רעדען מיט ווארימקייט,

האט געזוכט מיט שטילען טאָן צו פערטהיידיגען אָלימפּיא און פאָרצושטעלען איה־רע פריינד גאר אין אנדער ליכט. נאר פּלוצלים האָט זיך דערהערט א קלונג און אָלדענבורג בעגלייטעט פון א פרעמדען, איז אריינגעקומען.

אָלדענבורג איז צוגעגאנגען צו ברוך און האָט איהם גערייכט דיא האנד.

— עס איז זעהר בראוו פון אייך, וואס איהר האָט זיך ניט געלאָזט איינ־שרייבען אלס קאנדידאט פון דער אמת'ער וועלט, האט אָלדענבורג געזאָגט. פריילין אָלימפּיא לאָזט אייך הערצליך גריסען. מיר זיינען געווען שטארק בעזאָרגט, וואָס מען האָט אייך אזוי לאנג ניט געזעהן; זיא האט מיך שוין לאנג געטריבען צו אייך און האט געזאָגט, אז זיא האָט שוין לאנג בעמערקט, אז איהר זייט קראנק. ענדליך האב איך נאָכגעגעבען און האָב מיטגעבראכט דאסטאר לודוויג מייער, וועלכער האט זיך שוין לאנג געוואָלט מיט אייך בעקענען.

— יא, מיין זוהן האט מיר פערואורזאכט פיעל שרעק, האט בנימין געזאגט.

אָלדענבורג האט זיך פאר איהם שטארק פערנייגט.

— אזוי! זייט איהר דאס דער פאָטער פון אונזער יונגען פילאָזאָף? זייט איהר ניט געווען ביי מיר מיט א קורצע צייט צוריק צוליעב א געשעפטס־אנגעלע־גענהייט?

— יא.

— ענטשולדיגט מיך, וואס איך האב אייך דאמאלס אזוי גיך אָבגעפּטר'ט. איך בין גראדע געווען שטארק פערנומען. מיר האָט זעהר לייד געטהאָן, וואָס איך האָב עס אייך ניט געזאגט. נאָר איך האָב וועגען אייך ניט פערגעסען און האָב געשריעבען אין ברעמען, אז אויב אייערע קרעדיטאָרען וועלען אייך אין פיער וואָכען צייט ניט בעצאהלען, זאל מען זייער אייגענטהום אָבשרייבען.

— איך דאנק אייך זעהר פאר אייער בעמיהונג און פאר דיא עהרע, וואָס איהר שיינקט מיין הויז מיט אייער בעזוך.

אָלדענבורג האָט זיך נאָך אונטערהאלטען מיט'ן פאָטער און האָט איהם גלייך צוגעצויגען צו זיך מיט זיין רוהיג ריידען און טרייהערציגקייט, וואס האט זיך איהם ארויסגעזעהן פון דיא אויגען, ער האָט איהם דערצעהלט, אז ברוך איז דער ערסטער איד, מיט וועלכען ער האט זיך אזוי נאָהענט בעקאנט; אז ער קען זיך ניט אָבוואונדערן פון דיא געוואלדיגער קראפט פון זיין גייסט און ליעבט זיינע איידעלע נעפיהלען; און ער איז איהם זעהר פיעל פערפּפליכטעט, וואָס ער האָט

איהם זעהר פיעל אויסגעוואָרצעלט דעם געפיהל געגען דיא אידען, וואס ער האָט אריינגעזויגען דער מאמעס מיט מילך.

אָלדענבורג האָט מיט ברוך'ן קיין מאָל ניט גערעדט וועגען זיין פריינדשאפט און ליעבע צו איהם, נאר דאס וואס ער האט איהם ניט געזאגט, האט ער איצט דערצעהלט זיין פאָטער. דעם פאָטער'ס געזיכט האָט געשטראהלט פאר פרייד; דאס הארץ פון דעם אלטען שפּאגיער האט זיך דערקוויקט מיט אָלדענבורג'ס ריטערליכער ערשיינונג. ער איז פאר איהם געווען, וויא א ליעבע עראינערונג פון יוגענד.

מייער האָט דערוויל גערעדט מיט ברוך וועגען זיין קראנקהייט.

בנימין האט בעגלייט אָלדענבורג'ן און מייער א שטיקעל וועג און ער איז געווען זעהר צופריעדען, וואס דיא פערביינגעהענדע האבען געזעהן, ווער ביי איהם איז געווען צו־גאַסט. ווען ער איז צוריק אריינגעגאנגען, האט זיין געזיכט געשטראהלט פאר פרייד.

— דוא ווייסט, אז אָלדענבורג דענקט, אז דוא וועסט אוועק זעהר ווייט? אָה, איך קען אונטערשיעדען אן אריסטאָקראַט׳ישע חניפה פון אמת׳ער טרייהערציג־קייט. דוא דארפסט זיין שטאָלץ און זיך פרייהען, וואָס דוא האסט אזא פיינעם מאן פאר א גוטען פריינד.

— און דאך זאל איך איהם און זיין קרייז פון היינט אן אויסמיידען, האָט ברוך געענטפערט.

— דוא האָסט מיר ניט גוט פערשטאנען, איך האב ניט געמיינט, אז דוא זאָלסט דיין נייע בעקאנטשאפט אין גאנצען איבעררייסען. איך האָב דיך נאָר גע־וואָלט וואָרענען און דוא האסט גענוג פערשטאנד צו וויסען, וואָס מען דארף און וואס מען דארף ניט.

שפּינאָזא איז ווייטער געגאנגען צו אָלימפּיא, ווען ער האָט געוואָלט און קיינער האט איהם אין דעם ניט געשטערט. מיט אָלדענבורג איז זיין פריינדשאפט נאך שטארקער געוואָרען, אויך האָט ער זיך גוט בעפריינדעט מיט מייער, וועלכער איז געווען א דענקער און פאָרשער, און זיי האָבען צוזאמען געלערנט און שטענדיג זיך געריסען, זייער הויפּט שטודיום איז געווען פהיזיק און דיא קארטעזיאנישע פהילאָזאָפי, נייע וועלטען האָבען זיך אין דעם פאר זיי געעפענט און זיי האָבען זיך אין דעם נעמאבט גאנץ היימיש.

13טעס קאַפּיטעל.

אָלימפּיא איז געזעסען ביים פענסטער און האָט ארויסגעקוקט אין גאַס; נעבען איהר איז געשטאנען א יונגער מאן, פון מיטעלען וואוקס, און זיין געזיכט איז געוועזן אביסעל עהנליך צו אָלימפּיא׳ס, נאר אין זיין בליק האט געפעהלט יענע אונרוהיגע פלאמען, וואס האָבען געלויכטען אין איהרע אויגען. ער איז געוועזן רייך געקליידעט און האט אכטונג געגעבען, אז זיי זאָלען זיין אין אָרדנונג.

— זעהט איהר יענעם יונגען מאן, וואס קומט פון עק גאַס? האָט אָלימפּיא געזאָגט צום יונגען מאן, וואָס איז געשטאנען נעבען איהר.

דער יונגער מאן האָט געשווינד ארויסגעצויגען פון קעשענע א רויט־סאפיאנענע קעסטעלע, פון וואנען ער האָט ארויסגענומען א פערספעקטיווע בעזעצט מיט ברילליאנטען.

— מיינט איהר ניט יענעם דאָרט? האט ער דאן געזאגט, ער איז פון מיטע־לען וואוקס און זיין געזיכט האָט א ברוינליכע פארב. איז דאס ניט קיין איד?

— געוויס, האָט אָלימפּיא געענטפערט ער שטאמט פון אן אלטער פאָרנעה־מער שפּאַנישער פאמיליע. מיין פאָטער האלט פון איהם זעהר שטארק; און איך—ליעב איהם אלס איינעם פון מיינע בעסטע, גוטע פריינד. און גראדע ווייל ער איז א איד, וועלכען דיא גאנצע וועלט פערפאָלגט, האָט ער זיך ענטוויקעלט אזוי, אז ער איז פריי פון אירגענד וועלכען פאָראורטהייל און איז אזוי אָרדענטליך אין דענקען און ניט בויגזאם אין וואס איז רעכט, אז מען מוז איהם בעוואונדערן.

— אבער וואָס זאָגט איהר צו דעם, וויא איך האָב אן געזיכט פערשטאנען, ווער ער איז? האט דער יונגער מאן געזאגט און געשטעלט זיך אזוי, אז זיין גאנ־צע געשטאלט האט זיך אָבגעשפּיגעלט אין שפּיגעל. איך געפין אויך, אז דיא אידען זיינען אינטערעסאנט, זיי זיינען א היסטאָרישער רעליק (זכר) און מיין ליעבע צו געשיכטע האב איך נאָר אייך צו פערדאנקען. איך בעטראכט זיי אלס אן אָב־געבראָכענע שטיק פון אן אזיאטישען שטאם, וועלכער אונטערהאלט אונז צייטען־וויז מיט זיינע זעלטזאמע פערצייטיגע פאָרמען.

— האט איהר אין האמבורג געהאט פיעל אומגאנג מיט אידען? האָט אָלימפּיא געפרעגט.

— איהר שפּאסט! האָט ער געענטפערט. דאך קען איך דיא אידען אויס־געפונדען. איינצעלנע קענען זיך געפינען צווישען זיי עהרליכע מענשען. איך האָב אויך געקענט איינעם; אלטער שמואל האט ער געהייסען און פלעגט בייא מיר

אָבקויפען דיא אלטע קליידער, נאר אין אלגעמיין זיינען זיי אלע בייטעל־שניידער און א שמוציגע עקעלהאפטע ראַסע, וועלכע וועט צום אונגליק, וויא מיין פאָטער האָט אָפט געזאָגט, אוועקרויבען דעם גאַנצען האנדעל פון אונזער שטאדט. שטעלט אייך פאָר, איך האָב געהאט א גוטען פריינד, וועלכער האָט זיך אזוי פערליעבט אין א אידיש קינד, אז ער האָט מיט איהר געוואָלט הייראטהען. ביז איצט קען איך ניט פערשטעהן, וויא אזוי אונזערער א מענש קען פּערטראָגען דעם געדאנק צו האָבען פאַר א שוואָגער א איציק אדער א בעריל! וויא עס שיינט, איז דאָס מיידעל געווען א גאנץ געבילדעטע, און שטעלט אייך פאָר, אז איהר האט נאך דער שדוך ניט געפאַסט און זיא האָט זיך בעסער אויס ליעבע דערטרונקען, מיר האבען געמיינט, אז ער וועט אראָב פון זינען און מיר האָבען איהם געהיט, אז ער זאל זיך דאָס לעבען ניט נעהמען. נאָר אין צוויא יאָהר ארום האט ער זיך גע־טרייסט און האָט חתונה געהאט; איהר מוזט לאַכען, ווען איהר זאָגט, אז א איד איז אייער בעסטער גוטער פריינד.

— אָה, איהר האָט געמוזט אָנזאמלען רייכע ערפאהרונגען אין לעבען! האָט אָלימפּיא רוהיג געענטפערט. נאָר איהר פערגעסט, אז איהר געפינט זיך אין האָלאנד. וואו אלע־רעליגיאָנען זיינען געשעצט גלייך, איך גלויב, אז אמסטערדאם דארף זיך ריהמען דערמיט, וואָס זיא איז דיא איינציגע שטאָדט אין דער וועלט, וואו רעלי־גיאָנס־פרייהייט איז געטריבען אזוי ווייט, אז דאָ איז אפילו ערלויבט איבערצוגעהן פון קריסטענטהום צום יודענטהום. אז איהר וועט זיך בעקענען מיט הערר שפּינאָזאָ, וועט איהר מיר צוגעבען, אז ער איז א מערקווירדיגער מענש. מיר צוליעב בעגע־גענט איהם פריינדליך. שא! אָט קומט ער!

אין דער מינוט איז ברוך שפּינאָזאָ אריינגעקומען.

— ענדליך קען איך אייך פאָרשטעלען פאַר הערר קערקערינג, האָט געזאָגט אָלימפּיא, איהר געדיינקט, איך האָב אייך שוין א מאָל דערצעהלט, אז ער איז גע־ווען מיינער א שילער. איצט, נאך זיין פאָטער׳ס טוידט, איז ער צוריקגעקומען פאָרטזעצען זיין לערנען. הערר שפּינאָזאָ! איהר וועט דאך גאָר ניט האָבען דאגעגען, אז הערר קעקערינג זאל אנטהייל נעהמען אין אונזערע ליטיינישע אונטערהאלטונגען.

שפּינאָזאָ האָט צוגעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ, און וועהרענד זיי האבען גערעדט, איז אריינגעקומען אָלדענבורג, וועלכער האָט שנעל אָבגעמאָסטען דעם גאַסט מיט דיא אויגען, ווען אָלימפּיא האָט איהם פאָרגעשטעלט.

— איך בין געווען א נאר, האט אַלדענבורג געזאגט צו ברוך; איך האָב נעדארפט וויסען, אז איך וועל ד י ך טרעפען דאָ און פערשפּאָרען א גאנג צו דיר אין דער היים.

— ד ו א! האט אָלימפּיא געפרעגט. אָה, וויא גליקליך איהר זייט, מעננער וואָס איהר קענט רופען, וועמען איהר האָט ליעב, מיט דעם טרייען וואָרט! דיא רוימער האבען נאר ניט געוואוסט, וויא גוט זיי איז געווען, וואס זיי האָבען געזאָגט צו יעדען דוא. איך בין זעהר שטאָלץ, וואָס איהר האָט זיך אזוי נאָהענט בע־פריינדעט. ווייל איך האָב אייך צוזאמענגעפיהרט. מיר רעפּרעזענטירען דא איצט פיער רעליגיאָנען, הערר שפּינאָזא דיא אידישע, הערר אָלדענבורג דיא קאלווענים־טישע, הערר קערקערינג דיא לוטעראנישע און איך רעפּרעזענטיר דעם רוימישען פּאָפּסט. מיר וועלען דאָ איצט שליסען צווישען זיך אן אליאנץ אהן א שום רע־ליגיאָנס־אונטערשיעד, מיט דער אויפגאבע א שלום צו מאכען צווישען אלע רעליגיאָנען.

— איהר נעהמט נאָך ווייטער, האָט אָלדענבורג געענטפערט, וויא הוגא גראָטיאוס, וועלכע האָט אויך געטרוימט פון אויבינען פריעדען צווישען אלע רע־ליגיאָנען, נאר ווען ער האָט אויסגערעכענט דיא רעליגיאָנען האָט ער דיא אידישע נאָר פערגעסען.

אָלימפּיא האָט גענומען קערקערינגסביידע הענד און האָט זיי אריינגעלעגט אין ברוך׳ס און אָלדענבורג׳ס.

— פּרויען קענען זיך ניט איינהאלטען ניט צונויפצופיהרען, וועמען זיי קענען. זיינען זיי פערהייראטהעט, זוכען זיי צו מאכען חתונות צווישען זייערע בעקאנטע. האבען זיי א פריינד, מוזען דיא אנדערע אויך מיט איהם בעפריינדעט ווערען, צו וואָס ווארפט זיא אונז אן דעם קערקערינג, וועלכען זיא אליין בעהאנדלען וויא א פלאָקען? האָט אָלדענבורג געזאָגט צו שפּינאָזא ביים ארויסגעהן.

## 14טעס קאפּיטעל

# ברוך ווערט אַ בעל מלאכה.

— מיין ליעבער זוהן, האָט א מאָל געזאָגט דער פאָטער צו ברוך, האלסטו זיך נאך אלץ ביי דאס דייניגע ניט צו ווערען קיין רב? האָסטו דיך בעטראכט, וואָס דוא טהוסט אונזביידען דערמיט? איך האָב מורא, אז שערבלאך וועלען מיר לי־גען אויף דיא אויגען, איידער איך וועל זעהן מיין ערסטע פרייד.

— רבי צדוק זאָגט, אז מען טאָר דיא תורה ניט מאכען פאר א לעבענס־מיטעל און ציהען פון איהר חיונה, האָט ברוך געענטפערט.

גוט, איך בין איינפערשטאנדען מיט רבי צדוק, אבער וואָס טהוט מען, אז מען האָט ניט קיין אנדערע מיטלען צום לעבען? איך רייד מיט דיר שטענדיג אָפען; מרים וועט אין גיכען חתונה האָבען פאר שמואל קאססערעס, און ער וועט אריין אין שותפות מיט רבקה'ס מאן אין דער דיאמאנטען פאבריק. זיי זיינען מיט גאָטעס הילף פערזאָרגט; אבער וואָס וועט זיין מיט דיר? מיין פראָצעס, וואָס ציהט זיך שוין יאהרען לאנג, האלט שמאָל, און איך וועל דיר גאָר ווייניג קענען איבערלאָזען. און אָרימקייט איז דיא ערגסטע זאך אויף דער וועלט.

— זאָל איך ווערען א געשעפטסמאַן?

— ניין, דאס וויל איך אליין ניט, דו וועסט קיין מאָל ניט טויגען צום מסחור.

ברוך האָט אויסגערעכענט פאר'ן פאָטער, וויא פיעל תנאים זיינען געוועזען בעלי מלאכות. און האָט געזאָגט:

— איך וואָלט וועלען זיך אויסלערנען א מלאכה.

— איך האָב גאָר ניט געגען דעם און דו האָסט אומזיסט אויסגערעכענט מיר דעם צעטיל פון תנאים־בעלי־מלאכות.

מיט א פאָר טעג שפעטער האָט שפינאָזא געזאָגט צום פאָטער, אז ער וויל אויסלערנען דיא קונסט צו שלייפען אָפטישע גלעזער.

— אבער דיא ארבייט בעצאהלט זיך גאָר ניט, האט דער פאָטער געענט־פערט, דו וועסט זיך דערפון אפילו ניט קענען דערנעהרען, וויא וועסטו פון דעם לעבען א מאָל מיט א גאנצע פאמיליע, ווייל מיר ווילט זיך ניט גלויבען, אז מיט דיר זאָל פערלאָשען ווערען דער בעריהמטער נאָמען, וואס דו האָסט גע'ירש'עט פון דיינע פאָטערס.

ברוך האָט ניט געענטפערט גלייך, עס קען זיין, אז ער האָט געדענקט צו פערווינען זיין נאָמען אויף אן אנדער וועג. ער האָט גענומען דערצעהלען דעם פאָ־טער, אז צו זיין א רב איז נאך ערגער. אמת, דאס קענען ברענגען כבוד, און געלד, אבער דאמאלס פערליערט ער זיין אונאבהענגיגקייט און ווערט דער דיענער פון' יעדען איינעם.

ביי דיעזע ווערטער האָט זיך אויפ'ן פאָטער'ס געזיכט אָבגעטונקט א טיעפער לייד, פערמישט מיט אייטערקייט און האָט זיך ניט געקענט איינהאלטען ניט צו

צושאָקלען דעם זוהן מיט'ן קאָפּ. דער אַלטער שפּאַניער האט בעוואונדערט אין זיין זוהן דעם איינענעם שטאָלץ, וואָס איז נאָך ניט אין גאַנצען אָבגעשטאָרבען אין איהם. אז מען קען ניט מיט מאכט מאכען דיא וועלט בויגען אונטער דיר, איז בעסער, אז דוא זאָלסט שטעהן אין א זייט און גאָר ניט קימערן זיך וועגען איהר. דיזע געדאנקען האָבען זיך געריהרט אין פּאָטער'ס מוח, פון דעם כאראקטער פון זיין פּאָטער קען מען זעהן, פאר וואָס ברוך איז אויסגעוואקסען אין אזא פרייען און שטארקען געוויקס.

— פון מיינעטוועגען, טהו וויא דוא ווילסט. אלע מלאכות זיינען אַלץ איינס, ווען מען קען אין זיי קיין גרויסען קאפּיטאַל ניט אריינלעגען.

דער פּאָטער מיט'ן זוהן זיינען באלד אוועק צו דעם גוט בעקאנטען מייסטער קריסטיאַן היגענס. ביים ריידען האָט ברוך דעם מייסטער ערקלערט, אז ער איז גוט בעקאנט אין דיא געזעצע פון אָפּטיק און איז א גוטער בעל חשבון, און האָט איהם געפרעגט, צו איז מעגליך, אז אין א האלב יאָהר צייט זאָל ער זיך אויס־לערנען דיא ארבייט, דער מייסטער האָט איהם ביז אהער אויסגעהערט גאַנץ רו־היג, נאר ביי דיא לעצטע ווערטער איז ער אזש אונטערגעשפּרונגען פאר כעס, און זיינע ברילען האָבען זיך ביי איהם ארונטערגערוקט אויפ'ן שפּיץ נאָז.

— דער טייוועל זאָל נעהמען היינטיגע יוגענד! האָט ער אויסגע'שריען, איך בין שוין זיבען און פיערציג יאָהר ביי דער ארבייט און דענק, אז איך פערשטעה אין דעם ניט וויינינער, וויא יעדער איינער, און דאָך האב איך אין מיין ווערקשטוב געזעלען, וואָס ארבייטען ביי מיר שוין זיבען־אכט יאָהר, און אז איך זאָל היינט צונעהמען א מיקראָסקאָפּ און געבען זיי איהם צוזאמענצושטעלען, ווייסען זיי ניט. וואָס איהר מיינט, אז מען קען אלץ אויסלערנען פון דיא ביכער! איך גיב ניט קיין פּפיפערלינג פאר אלץ, וואָס עס שטעהט אין דיא ביכער. איברינענס, דער פּאפּיר איז געדולדיג און לאָזט שרייבען אויף זיך יעדע נארישקייט.

— יא, האָט זיך זיין ווייב אריינגעמישט, אזוי וואָלט יעדער גאָר נישט אין צווייי וואָכען ווערען אן אָפּטיקער.

— לאָז מיך ריידען! האָט דער אַלטער איבערגעריסען, איין זאַך מוז איך אייך זאָגען, ווייל איך בין אן אָרענטליכער מאן: דאס געשעפט ליגט אין דער ערד, מיר האָבען קיין קינדער ניט. קומען מיר וויא עס איז דורך, נאר וויא קומען דורך מענשען מיט פאמיליען, הויב איך ניט אָן צו פערשטעהן.

הערענדיג אַזעלכע ווערטער, האָט בנימין געוואָלט צוריקציהען זיין ערלויבניס,

נאָר ברוך האָט זיך פֿעסט נעהאלטען ביי דאס זיינינע. זיי האָבען ענדליך אָבגע־מאכט מיט דעם מייסטער, אז ער זאָל פּאָר א נעוויסע סומע אויסלערנען ברוך'ן דיא ארבייט און ברוך זאָל ארבייטען וויא פיעל ער וועט וועלען.

איצט איז ברוך אריין אין א נייע לופּט, איצט איז ער געווען ארומגערינ־געלט מיט דער לופט פון פעך און מיט'ן שטויב פון גלאָז, און ער האָט דאָ פער־בראכט א היבשע צייט פון טאָג, ער האָט זיך גיך אויסגעלערנט צו האלטען פעסט דעם דיאמאנט און צו שניידען מיט איהם דאס גלאָז וויא ער האָט נעוואָלט, ווען ער האָט צונעטראָגען זיין ערסטע גלאָז, וואס ער האָט נעמאכט אָהן א ישום זיי־טיגע הילף, איז דער מייסטער נעווען זעהר צופריעדען, און שפינאָזא'ס אוינען האָ־בען דאבּיי געשטראהלט פאר פרייד, ער איז נעווען דאנקבאר דעם רויהען שטאָף, וואָס האָט זיך נעלאָזט בעהערשען פון זיין ווילען.

דיא מאטהעמאטישע אויסרעכנונגען און דאס צוזאמענשטעלען דיא גלעזער האָט ער בעגריפען א סך שנעלער וויא דער מייסטער האָט נעדענקט, און ער האט נעמוזט צונעבען, אז דיא ביכער האָבען פאָרט עפּעס אין זיך.

שלייפענדיג דיא גלעזער, וואָס האָבען נעדארפט מאכען נאָהענט פאר'ן שוואַ־כען אויג דיא ווייטע געגענשטענדע, האָט ער אין קאָפּ דורכגעארבייט דיא שווער־סטע פילאָזאָפישע פראגען, וועלכע זאָלען אין דער צוקונפט שארפען דאס גייסטי־גע אויג ביי דיא קומענדע דורות.

אָנפאנגס האָבען דיא ארבייטער נעקוקט קרום אויף דעם אידען שפינאָזא, נאר מיט דער צייט האָבען זיי איהם זעהר ליעב געקריענען און האָבען אנגעהויבען צו בעטראכטען איהם, וויא א העכערעס וועזען, וואָס איז פערוואָרפען גע־וואָרען צו זיי אין דער ענגער פאבריק.

שפינאָזא האט זיך צו יענער צייט נעפיהלט זעהר צופריעדען.

אָלימפּיא אָבער איז דערפון נעווען אונצופריעדען.

— מיך פרייט, האָט אָלימפיא צו איהם נעזאָגט, וואָס מיר שטימעןביידע איין אפילו אין דעם. עס איז ניט גוט שטענדיג צו לעבען מיט פרעמדע נעדאנקען, איך האָב זיך קיין מאָל ניט נעפיהלט אזוי גליקליך וויא ביי האנד־ארבייט, מיין מארך האט דאמאלס נעארבייט שטארקער און אונאבהענגינער, וויא שטענדיג.

— אבער איך ארבייט ניט נאָר אום מיינע הענד זאלען האָבען עפּעס אן ארבייט; נאר אויך אז מיינע ציינער זאלען האבען וואָס צו קייען.

— יא, פון א געוויסע צייט בעמערק איך אין אייך וויא טאציטוס *) האָט אין אייך אויפגעוועקט א געוויסען הומאָר.

— איהר האָט א טעות, איך מיין דאס גאנץ ערנסט. איך ערלעהרן און אר־בייט, אום איך זאָל האָבען מיט וואס צו דערנערען זיך אין דער צוקונפט.

— אויב אזוי, צו וואָס האָט איהר געזאמעלט אזוי פיעל קענטניסע? איך וויל האָפען, אז דאָס איז ניט געווען בלויז פון עגאָאיזמוס. מיין פאָטער וויל זיין אינסטיטוט פערגרעסערן און פערלאנגט, אז איהר זאָלט זיין דער הויפט־לעהרער; — ווילט איהר ניט זיין מיין קאָלעגע?

— ליידער מוז איך זאגען: ניין. איהר קענט עס רופען עגאָאיזמוס, אויב איהר ווילט, נאר בריהער פון אלעס האָב איך פפליכטעי נענען זיך אליין. איידער איך געה לערנען אנדערע, מוז איך פריהער שטעהן מיט א ריינעם געוויסען צו זיך אליין. קען איך ברענגען עפּעס נוצען מיט'ן לערנען פרעמדע, ווען איך אליין צווייפעל נאך אין דעם? מיין קלענסטע איבערציינונג וועל איך קיין מאָל ניט פערקויפען פאר עולם הזה.

עס האָט זיך דערהערט א קלאַפּ אין טהיר, און אין צימער איז אריינגעקו־מען אלדענבורג.

— איהר קומט שטענדיג, ווען מען דאַרף, האט זיא זיך געווענדעט צו איהם: ווייסט איהר, אז אייער היילינער וויל ווערען א בעל מלאכה?

— אן אַפּאָסטעל פון אלע לענדער א פערשפּרייטער פון א וואהרהייט צווישען אלע פעלקער ווילט איהר זאָגען, האט אַלדענבורג געענטפערט.

— וואָלט עס נאך געווען א בעשעפטיגונג, וויא דיא שטאאט־מענער פלעגען אויסקלייבען אין דער אלטענטהום. עס ליגט עפּעס פּאָעטישעס אין פעלד־ארבייט, פישעריי און טישלעריי, נאר וואס פאר א פערגניגען ער קען געפינען אין זיצען בערשפּאַרט אין א ווינקעל און שלייפען גלעזלאך, ווייס איך ניט!

— ערנידריגט ניט דיא ארבייט! האט שפּינאָזא געענטפערט ערנסט, דאס איז אן איינגעשאפּט, מיט וועלכע דער מענש שיידעט זיך אונטער פון חיות, וועלכע האָבען נאר זייערע נאטירליכע איינגעבאָרענע ווערקציינ. אבער דער מענש האָט מיט אַרבייט ערוואָרבען דאס, וואָס דיא נאטור האָט איהם פערפּעהלט צו געבען; ער קען ניט פליהען וויא א פויגעל, ער קען ניט לויפען אזוי שנעל וויא א הירש,

---

*) טאָציטוס איז געווען א רוימישער היסטאָריקער.

אבער זיין פייל און קויל יאָגען איבערביידע; זיינע הענד קענען מיט גרויס מאַ־טערנעס גראָבען אין דער ערד, אבער ער צושמעלצט ן און מאכט פון דעם א האק און אקער, שפּאַנט איין דיא חיות און ער האַקט דיא בוימער און שניי־דעט שטיינער. ווער עס בעסערט אויס א ווערקצייג, דערלאַנגט מיט דעם א האנד פון הילף צו דיא קומענדע דורות, זאל איך וויסען, אז איך וועל איבערלאָזען אזא זאך, וואס וועט דיענען דער מענשהייט צו דער פערבעסערונג און פערשענערונג פון איהר לעבען, וואָלט איך זיך געפיהלט גליקליך.

— דאס איז אלעס זעהר שעהן און פיין, האט אָלימפּיא זיך אָנגערופען, נור איהר קענט האָבען דיעזע געדאנקען און אליין קיין בעל מלאכה ניט זיין. צו וואס זאָלט איהר זיך בעלאסטען מיט דיא הייליגע העק און מיט הייליגע פיילען?

— ווייל, אום צו ענטפערן אין אייער שפּראך, ווייל איך בין בעלאסטעט מיט א הייליגען קערפּער, וואס וויל עסען.

— ווען ביזט דוא געבאָרען געוואָרען? האט אָלדענבורג איהם פּלוצלים א פרעגע געטהאָן.

— א זאָנדערבאַרע פראגע, האָט ברוך געענטפערט, אויב דוא ווייסט ניט וועל איך דיר זאָגען: דעם 24טען נאָוועמבער אין יאָהר 1632.

— דאס שטימט, האט אָלדענבורג געזאָגט. האסטו געהערט פון דעם גערליצער אַפּאָסטעל? ער איז געשטאָרבען דעם 24טען נאָוועמבער מיט זיעבען יאָהר פריהער פון דיין געבאָרען ווערען. ער איז געוועזן א עהרליכער שוסטער און איך וויל מיט דעם זאָגען, אז זיעבען יאָהר שפּעטער איז געבאָרען געוואָרען א נייער פילאָזאָף, וואָס וויל זיך שניידען אויף יענעמס שניט.

אייער ביישפּיעל הינקט, האָט געזאָגט אָלימפּיא, ווייל אייער יאקאָב באָהמע איז געוועזן א שוסטער און אלס אזעלכער א פילאָזאָף, אבער אונזער בענעדיקטוס, אדער ריכטיגער געזאָגט, מאַלעדיקטוס וואָס בעדייט פערשאָלטענער, ווייל דאס קליידט איהם בעסער, ווערט פון א פילאָזאָף א בעל־מלאכה.

— נאר געלעכטער אָהן א זייט, האט אָלדענבורג געזאָגט. דוא בעליידינסט דיינע פריינד מיט דיין נעהמען זיך צו א פּראָפעסיאָן. האסטו דען אליין ניט געזאָגט, אז צווישען פריינד דארף יעדע זאך זיין געמיינזאם? זיינען מיר אזוי לופטיג אז מיר קענען זיך נאָר טהיילען מיט קלינגענדיגע פראגען און ניט מיט קלינגענ־דע געלד?

— איך בין דיר זעהר דאנקבאר פאר דיין גוט הארץ, האָט שפינאָזא גע־ענטפערט. נאר איך האָב דיר שוין איין מאָל געזאָגט, אז כל זמן איך קען מיין שטיקעל ברויט פערדיענען מיט מיינע אייגענע הענד, וועל איך קיין מתנות פון קיין פריינד ניט אָנגעהמען.

15טעס קאַפּיטעל.

# מרים׳ס חתונה.

— וויא געפעלט אייך קעקערינג? האָט א מאָל געפרעגט אָלימפּיא ביי שפינאָזא.

— אזוי וויא אייך, האָט ברוך געענטפערט.

— דאס איז ניט קיין ענטפער, וואָס האָט איהר געגען איהם אויסצוברעכען?

— שפינאָזא איז רויט געוואָרען, וויא פייער, וואָלט ער איהר געזאָגט דעם אמת, וואָס ער האָט געגען איהם אויסצוזעצען, וואָלט זיא דאס אָנגענומען פאר אייפערזיכט.

זעהענדיג, אז ברוך ענטפערט איהר ניט, האָט אָלימפּיא גערעדט ווייטער:

— קערקערינג האט אין גרונט א גוט הארץ. דאס, וואס ער רעדט א סך, איז א נאַציאָנאַלער פעהלער. ער איז ניט שולדיג, וואס ער איז א דייטש, און איז געבאָרען געוואָרען אין א האַפען־שטאָדט.

— נוּ, נו! האָט שפינאָזא געזאָגט, איצט זעה איך, אז ניט דיא אידען אליין האָבען דאס מזל, אז פון איינעם זאָל מען ריכטען אויפ׳ן גאנצען כלל. פאר וואָס נעהמט איהר ניט אונזער אָלדענבורג פאר א מוסטער? ער איז אויך א דייטש און איז אויך געבאָרען געוואָרען אין א האַפען־שטאָדט.

— איהר האָט רעכט, האָט אָלימפּיאַ געענטפערט, איהר וועט מיך ברענגען אזוי ווייט, אז איך וועל מורא האָבען אויסצורעדען א מיינונג. איך אורטהייל פון איינצעלנע און איהר נעהמט שטענדיג דעם גאנצען.

— וויא ווייט איך קען ריכטען, איז א פעהלער פון וועלכען אלע פרויען ליידען!

— איהר זייט גערעכט; מיר זיינען אראָבגעקומען אויף דער וועלט ניט פאָר פילאָזאָפי און וויא עס שיינט, זיינען מיר ביידע איין מיינונג, אז קערקערינג פעהלט אן אינערליבער רייכטהום.

— דערפאר האט ער אויסערליכען רייכטהום און אויף אזא אופן קען ער זיך שוין אויסגלייכען.

דער ענטפער איז איהר ניט געפעלען געוואָרען, און זיא האָט געגעבען זייער געשפּרעך אין אנדער ווענדינג.

דעם גאנצען אבענד נאָך ברוך'ס אוועקגעהן, איז אָלימפּיא געווען ניט ביים מוטה, און ווען זיא איז געגאנגען שלאָפען, האָט זיא דיא קיסען בעדעקט מיט טרעהרען.

— אזוי ווייט איז שוין מיט דיר געקומען, האט זיא צו זיך גערעדט, אז דוא רעדסט מיט איהם וועגען ליעבע, וואַרפסט אויף איהם ליעבע בליקען און וואַרפסט זיך איהם כמעט אויפ'ן האלז, און ער שטעהט מיט צונויפגעלעגטע הענד וויא ער פערשטעהט גאָר ניט, ער איז א הערצלאָזער, ענגאָיסטישער מענש, מיט א קאַלטען פערשטאַנד ...... ניין! אזוי קען זיא פון איהם ניט דענקען, זיין קינדליכע בעשיידענהייט, זיין ליעבע צו ווארהייט און מעהר פון אלעם דיא טיעפע ליעבע צו דער מענשהייט, וואָס איז איהם אויסגעגאָסען איבער'ן גאנצען געזיכט, דער זאַנפטינער שמייכעל וואס איז איהם שטענדיג געלעגען אויף דיא ליפּען און דער טיעפער פייער וואס ברענט אין זיינע אויגען; — ניין דאס אלעס ווייזט, אז ער איז ניט קיין קאַלטער, ניט קיין ענגאָיסטישער מענש.

אין דער פריה איז זיא אויפגעשטאנען מיט א געזאנג און ווען זיא איז צוגעגאַנגען צום שפּיעגעל, האבען איהרע מינען גערעדט.

— ניין, אזוי שלעכט איז דאס נאָך ניט. אפילו ער זאָל זיין א גאָט און אפילו ער זאָל דענקען, אז ער האָט זיך ערהויבען העכער פון אלע מענשליכע ליידענשאפטען, פאָדערט מיין עהרע און ווירדע, אז ער זאָל פאַר מיר קניען; און ווען איך וועל זיין הארץ געווינען, דאמאלס וועל איך זעהן, וואָס איך האָב צו טהאָן.

און צופריעדען מיט זיך האט זיא זיך גענומען אָנקליידען.

נאר ניט מיט אזא פערגניגען האט מרים שפּינאָזא היינט אנגעטהאָן איהרע חתונה קליידער: היינט האָט זיא זיך געדארפט געזעגענען אויף אייביג מיט איהרע שעהנע לאָקען, זאָגען וידוי און פאסטען א גאנצען טאָג ביז מען וועט איהר געבען אונטער דער חופה אביסעל וויין פון בעכער.

נאר אויב דעם טאָג פאר דער חופה איז ביי אידען ניט פריילי‌ך, איז דערפאר דיא סעודה זעהר א פרעהליכע. יעדער ווארפט אראָב דעם שווערען לאַסט, אין וועלכע דיא אידישקייט שפּאַנט איהם, און מען גיט זיך איבער צו פערגניגען.

ברוך האט זיך געפיהלט זעהר איינזאם און טרויעריג, ווערהרענד דיא פריילי־כע סעודה איז אָנגעגאַנגען. איז דאס געווען דער געדאַנקען וועגען אָלימפּיא, וואָס האָט איהם פון אלעמען אָבגעזונדערט און געמאכט פרעמד? אדער דאס איז געוועזן דער אָרט פון זיין רענקען, וואס האָט איהם אויף אויביג אויסגעשלאָסען פון זיין היימישען קרייז?

נאך דער סעודה איז געוואָרען נאך פרייליכער. אומעדום האָט מען גערויכערט טהייערע סיגארען, דיא געסט האָבען זיך גרופּירט אין קליינע קופּקעס און פון דאָ און דאָרטען האט זיך געהערט א וויץ, א געלעכטער.

ברוך איז געבליבען זיצען ביים טיש, זיין געזיכט איז פון דעם וויין וואָס ער האָט אויסגעטרונקען, רויט געוואָרען און האט פערטרוימט געקוקט אויפ׳ן דעק פון זיין בעכער.

חסדי איז אויך געקומען צו מרים׳ס חתונה, אום לייט זאלען ניט וויסען, אז ער האָט זיך צו איהר געשדכ׳ענט, און ווען דיא געסט האָבען זיך אויפגעהויבען פון טיש, האט ער זיך נעהנטער צוגערוקט צו ברוך און האט אויך צוגערופען אפרים קאַרדאָסאָ.

— וויין ישמח לבב אנוש, פון וויין ווערט דער מענש פרייליכער, האט חסדי געזאָגט, אויפהויבענדיג זיין בעכער.

— און דאריבער וואהרשיינליך טאָר א איד ניט טרינקען קיין וויין כל זמן ער האט איהם ניט צומישט מיט וואסער, האט ברוך געזאגט, אריינריידענדיג צו זיך אין בעכער.

חסדי האט, וויא עס שיינט, דיא ווערטער ניט געהערט, ווייל ער האָט אויף דעם ניט געענטפערט.

— יאָ, האט אפרים געזאגט, טרינקענדיג לחיים צו ברוך. אונזערע טאטעס האבען אויך געוואוסט, וויא צו לעבען. זאגט דען ניט דיא גמרא, אז דער רוח הקדש רוהט נאר אויפ׳ן מענשען דאן, ווען ער איז פריילּיך? איך בין א מאָל גע־ווען אַנוועזענד, ווען דער פערשטאָרבענער פּראָפעסאָר בארלאאוס האט געזאָגט צו רבי מנשה בן ישראל, אז נאר דיא גריכען אליין, ניט אפילו דיא רוימער, האָ־בען געוואוסט, וויא צו מאכען דאס לעבען אנגענעהם. דיא אידען האָבען זיך נאר בעשעפטיגט מיט פראגען, וויא צו דיענען גאָט און צו פערשטעהען איהם. אין דעם הינזיכט זיינען זיי אוועק וועיט, נאר קיין צייט איז זיי געבליעבען צו געניסען פון לעבען און מיט דער צייט האבען זיי זיך דערפון גאר אָבגעוואוינט. נאר ווען

דער פערשטאָרבענער פּראָפעסאָר וואָלט איצט געקומען אהער, וואָלט ער געזעהן, אז מיר קענען זיך אויך פרייהען, גלויבענדיג אין גאָט.

— גוט געזאגט, האט ברוך בעמערקט, טרינקענדיג פריינדליך צו איהם לחיים.

— און ווען אפילו דער קריסט האָט נעהאט רעכט, האט זיך חסדי אָנגע־רופען, קלאפּענדיג אין טיש, איז דען דער מסחור ניט ווערטה, אז מען זאל פאר איהם אוועקגעבען אלע תענוגים פון דער וועלט און אפילו דאס לעבען אליין. איז דען דער פּרייז, וואס מיר האָבען בעצאָהלט, ניט ווערטה, וואס מיר אליין האָבען דערקענט אונזער בעשעפער?

ברוך האט געענטפערט מיט שמואל׳ס א מאמר פון שבת, אז צוויי רעלי־גיאָנען זיינען שטארקער פון איינע, און איבער א בריק זאל א איד ניט געהן, סיידען ער האָט נעבען זיך איינעם פון א צווייטען גלויבען, ווייל דאמאלס האט דער שטן קיין שליטה ניט.

חסדי איז א ווײלע געזעסען שטיל, האט געקראצט דאס קליינע בערדיל, וואָס האט ביי איהם ניט לאנג גענומען שפּראָצען און האָט דער׳נאך געפרעגט:

— דוא שטודירסט איצט דיא גריכען און דיא רוימער—זאג מיר, געפינסט דוא ניט דיא אלע חכמות, וואס דיא אומות העולם האבען נאר געקענט בעגרייפען און נאך פיעל, פיעל מעהר, ביי אונז אין יודענטהום?

— בעטראכט דיא זאך ריכטיג, האט ברוך געענטפערט, און דוא וועסט גע־פינען פון דיא לויטערע וואהרהייטען גראדע אזוי פיעל אין ביבעל, וויא אין אנדע־רע ביכער, דעם מענשענס נשמה ווערט אין איין פּלאַץ אנגענעבען אלס דאס בלוט, וויא דער פסוק זאָגט: „כי הדם הוא נפש האדם" דאס בלוט איז דעם מענשענס־זעעלע, און אין א צווייטען פּלאץ ווערט זיא אנגענעבען אלס דער אטהעם: „ויפח רוח חיים באפיו" און גאָט האט אריינגעבלאָזען דעם אטהעם פון לעבען. אין זיינע נאָזלעכער. אויסער דעם, איז גאָט אומעדום אין ביבעל אן אורקערפּער־ליכעס וועזען? יא, עס געפינען זיך אויך ריינע און ערהאבענע אידעען פון גאָט, אבער אויפ׳ן בארג סני ערשיינט ער אין פייער און איז אין וואָלקען איינגעוויקעלט, און משה האט געזעהן זיין פוס־ביינקעלע וויא פון ווייסען סאפיר; — איז דאס דיא העכסטע אידעע פון גאָט?

— און וואס זיינען געווען דיא נביאים? האט חסדי געפרעגט און האָט זיין פויסט צוזאמענגעדריקט אונטער׳ן טיש.

— דיא נביאים זיינען געווען גרויסע ארענטליכע מענער, איינינע פון זיי זיינען בעזעסען א גייסט וואס האט געשטרעבט אומצופאסען דיא אונענדליכקייט. זיי זיינען געווען מענער, וואס האבען זיך בעזארגט וועגען דעם אידישען שיקזאל און אויף דיא גאנצע איבריגע וועלט איז זיי געלעגען נאהענט צום הארצען, נאר דערביי זיינען זיי געווען ניט מעהר פון מענשען און אין פיעלע הינזיכטען האט זיי געפעהלט מעהר וויסענשאפט וויא אונז, ווייל זיי האבען אפט ניט געוואוסט דיא ערסטע כללים פון דיא נאטור־געזעצע. אבער ווען זיי װאלטען גערעדט מיט רוח הקדש, וויא וואלט דאס פון זיי געבליבען פערבארגען אזעלכע זאכען?

שפינאזא האט נאך לאנגע גערעדט וועגען דעם ענין, און וואס ווייטער האט ער אלץ שארפער און בעשטימטער גערעדט וועגען דעם.

חסדי איז געזעסען רוהיג און קאלט; נאר פון צייט צו צייט האט ער א קריץ געטהאן מיט דיא ציינער. ענדליך האט זיך חסדי אויפגעהויבען און אהנע צו ריידען א ווארט, איז ער ארויס מיט אפרים'ן

שפינאזא איז געבליבען זיצען אליין ביים טיש, ער האט זיך געפיהלט אזוי שלעכט און אונבעקוועם, אז איהם האט זיך ניט געגלוסט אויפצוהויבען זיך. יעדע זאך איז איהם געווען דערווידער. און אום צו פערטרייבען זיינע טרויריגע געדאנקען, האט ער אנגעגאסען א בעכער ווין און האט איהם אויסגעטרונקען.

אין דער מינוט האט זיך געעפענט דיא טהיר און מרים איז ארייני געלאפען.

— וואס האסטו געטהאן? האט זיא געזאגט? חסדי שפייט מיט פעך און שוועבעל אויף דיר, איך בין ערסט געשטאנען אין דרויסען נעבען חיה'ן און איך האב פלוצים דערהערט, וויא חסדי שרייט: „פערפלוכט זאל ווערען דיא לופט, מיט וועלכער ער אטהעמט! דוא האסט געהערט, אפרים, וויא ברוך האט געשפאט פון גאט און דיא נביאים? אה, מיר איז א וואונדער, אז פון הימעל האט זיך א האנד ניט אראבגעלאזט און איהם ניט ארויסגעריסען זיין צונג פון מויל. נאר איך וועל רוהיג ניט בלייבען, ביז ער וועט ניט פערטילינט ווערען פון דער ערד!" אפרים האט איהם געוואלט בערוהיגען, נאר איהם איז ניט געלונגען. „גוט, וואס דוא ביזט דערביי געווען" האט חסדי צו איהם געזאגט; „איין עדות איז ניט בעגלויבט דוא מוזט מיט מיר געהן צום סנהדרון און מיר וועלען איהם אנקלאגען. מען דארף איהם ארייגווארפען אין גרויסען חרם, און איך וועל נאך ארויפזעצען מיין פוס אויף יין רוקען, וויא איך האב געטהאן מיט אקאסטא." און ווען אפרים האט געזאגט,

אז ער וועט צום סנהדרין ניט נעהן, אז ער האט גאר ניט געהערט, האט חסדי צו איהם א געשריי געטהאָן און האט איהם א כאַפּ געטהאָן ביי דער האנד: „אזוי? אויב אזוי ווערסטו מוזען שווערען, אז דוא האסט גאָר ניט געהערט, און אויב דוא וועסט אזוי טהאָן, מעגסטו מיט איהם צוזאמען געהן כף הקלע!“. זיי האבען מיך ניט געזעהן און איך האָב אלעס געהערט, ליעבער ברודער, דוא ברענגסט אויף אונז א ישרעקליכען אומגליק, איך וויל ליעבערסט היינט אין מיין חתונה טאָג שטארבען, איידער דערלעבען אזא שאנדע.

שפינאָזא האָט בערוהיגט זיין שוועסטער, אבער ויך האט ער ניט גע־קענט בערוהיגען.

— וויא שטארק דוא האסט ערסט נעכטען פון זיך געהאלטען, האט ער געזאגט צו זיך, ווען דוא האסט נעכטען געזאגט צו אָלימפּיא, אז פון דיא הייליג־סטע געפיהלען רעדט מען ניט. אזעלכע געפיהלען דארפען בלייבען פערבאָרגען טיעף אין מענשענס זעעלע, איצט ביזטו געשטאנען ביי א נסיון, און דוא ביזט פיין ארויסגעקומען!

דעם גאנצען טאג נאכדעם, איז ברוך געווען פערזונקען אין טיעפען שמערץ.

חסדי האט זיך געמאטערט אומזיסט און זיין ארבייט איז געווען ארויסגע־וואָרפען. מען האט געלעגט א צו גרויסען כבוד אויף דיא שפינאָזאס און זיי האָ־בען געהאט א צו שטארקען איינפלוס, אז מען זאל זיי בעריהרען. אויך האָט מען געגען ברוך'ן ניט געהאט קיין שום חטאים, אויסער דיא ווערטער, וואס ער האָט גערעדט, חסדי איז דערוויל געבליבען מיט א נאָז, נאר ער האָט זיך פון זיין פּלאן ניט אָבגעזאגט און האָט געדולדיג געוואָרט. און איהם איז געווען לייכט צו וואר־טען, ווייל ברוך'ס פאָטער איז באלד נאך דער חתונה ווידער א מאָל קראנק גע־וואָרען, און קיינער האט דעם קראנקען ניט געוואָלט דערצעהלען, וואס מען רעדט וועגען זיין זוהן.

## 16טעס קאַפּיטעל.

א מאָל ווען אָלימפּיא, אָלדענבורג און שפינאָזא זיינען געזעסען צוזאמען איז ביי זיי פערגאנגען א געשפּרעך וועגען דעם וועזען פון גאָט, און נאך א לאנגער דעבאטע האָט אָלדענבורג געפרעגט:

— האָט גאָט קיין בעציהונג ניט צו דער נאַטור און געשיכטע?

— עֶם אִיז נִיטאָ קיין זאַך, וואס זאל זיין נִיט אִין אִיהם אִון אויסֶער אִיהֶם.

אללעס, וואס קומט פאַר טהוט ער, אלעס, וואָס איז, איז ער, נאר דיא פאָרמע בייט זיך. דאס עווינע און אונענדליכע בלייבט שטענדיג דאס זעלבע.

— אָה, דאס איז פראַכטפאָל! האט אָלימפּיא אויסגערופען. דאס פעראייניגט דיא קינדליכע ליעבע צו דער נאַטור, וועלכע האָט אין יעדען ווינקעל געזעהן א גאָטהייט, וויא מען בעגעגענט ביי דיא אלטע גריכען און רוימער, מיט דעם שרעק און פורכט, וואס אידען און קריסטען האָבען, ווען זיי בעטראַכטען דיא נאַטור. אין אונז אליין לעבט גאָט; פון דיא פורפור ליפּען פון דער ראָזע, פון דיא שעמעדינע אויגען פון דעם פיילכען, און אין דיא טרילענדע טענער פון דער נאַכטיגאַל רעדט דערזעלבער גייסט, וועלכער וואוינט אויך אין מיר. זיי קענען און הערען און זעהן מיך, וויא איך זעה זיי, מיר זיינען איינס. איך גלויב, אז אפילו אין דעם שטיין געפינט זיך א לעבען און א זעעלע, וואס מיר פערשטעהן ניט.

זיי האָבען נאך א לאנגע צייט דיספּוטירט אין דעם גייסט, זיי האָבען גערעדט וועגען דעם, וויא דיא וועלט איז בעשאַפען געוואָרען, וואס איז דער קערפּער און וואָס איז דיא זעעלע, און אָלדענבורג האט איהם א פרעג געטהאָן:

— איז דיין פילאָזאָפי ניט קיין פערפיינערטער מאטעריאליזמוס, צו וועלכען דוא קעהרסט זיך אום צוריק?

— ניין, איך מאטעריאליזיר ניט דעם גייסט זאנדערן איך פערגייסטיג דיא מאטעריאל.

דערוייל איז אין צימער אריינגעקומען וואן דען ענדע, וועלכער האָט זיך מיט א פּאָר טעג אומגעקעהרט פון זיין רייזע.

שפּינאָזא און אָלדענבורג האָבען גענומען אָבשיעד און האָבען צוגעזאגט אָלימפּיא, אז מאָרגען וועלען זיי איהר בעזוכען אין איהר זומער־וואוינונג.

שפּינאָזא איז פון דאָרטען אוועק אין שוהל.

דאָקטאָר וואן דען ענדע'ס זומער וואוינונג האָט געטראָגען דעם נאמען „לאב־לוסט", נאר דיא קליינע געזעלשאפט וואס איז געווען יעצט פערזאמעלט, האט זיך ניט געפיהלט עפּעס לאַכענדיג, קערקערינג און וואן דען ענדע האָבען ארומגעשפּאצירט אין א פערוואָרפענער אַלעע פון גאָרטען און האָבען געפיהרט א זעהר ערנסטען געשפּרעך. שפּינאָזא און אָלדענבורג האבען שפּאצירט מיט אָלימפּיא אויף א צווייטער זייט פון גאָרטען. אָלימפּיא האָט געזוכט צו טרייסטען שפּינאָזא'ן אז זיין פאָטער'ס קראנקהייט איז ניט ערנסט און ער וועט גיך געזונד ווערען. אלע האָבען זיך געפיהלט אומעדיג. אָלדענבורג איז געווען דיפּלאָמאט גענוג, אום

לאנג שוין צו פערשטעהן, וואס האבען בעדייטעט דיא בליקען צווישען ברוך און אלימפיא, נאר ער האט געוואלט אויסגעפינען, וויא ווייט עס האלט ביי זיי. און ער האט צוליעב דעם ערצעהלט אלימפיא דיא לעצטע נייעס, אז דיא קעניגין פון שוועדען, קריסטינא, האט זיך אבגעזאגט פון דער מלוכה, האט איהר קרוין איבערגעגעבען צו איהר שוועסטער־קינד, און אליין איז זיא אוועק אין רוים און איז איבערגעגאנגען צו דער קאטוילישער רעליגיאן, אום צו קענען הייראטהען, איהר ערסטען קאמערהערר, מאנאלדעסכי.

— אויב גוסטאוו אדאלפ׳ס טאכטער האט געמאכט דיעזען טריט, האט אלימפיא זיך אנגערופען נאך א לאנגע פויזע, אום צו הייראטהען דעם מאן, וואס זיא ליעבט, פערדיענט זיא, אז מען זאל איהר לויבען דערפאר, דיא ליעבע איז א באנד, וואס צורייסט אלע פריהערדיגע, דיזע ווארהייט געפינט מען שוין אין ביבעל: „און צוליעב א ווייב פערלאזט מען פאטער און מוטער" דערביי איז נאר פאראן איין פראגע: צו דארף דאס שוואכע געשלעכט געהן אזוי ווייט, אז זיא זאל זיך אפילו אין דעם אפפערן? איך דענק, אז קריסטינא האט שוין גענוג געטהאן מיט דעם, וואס זיא האט זיך אבגעזאגט פון דער קרוין, און דארום וואלט געווען מעהר וויא רעכט, אז ער זאל איהר פערשאנעווען און זאל איהר פערשפארען דיא אונאנגענעהמליכקייט פון איבערגעהן אין אן אנדערע רעליגיאן און ער זאל בעסער דיעזען שריט מאכען. דענקט איהר ניט אזוי? אויב אבער ער האט דעם שריט ניט געוואלט מאכען איז ער איהר ליעבע ניט ווערטה אין איהר האנדלונג פערדיענט, אז מען זאל איהר פערדאמען.

— וויא איז אבער, אז אזא שריט איז געגען זיין איבערציינונג? האט אלדענבורג געפרעגט.

אלימפיא האט ניט געענטפערט און האט אראבגעלאזט דיא אויגען צו דער ערד.

שפינאזא האט פערשטאנען וואוהין אלדענבורג ציעלט און האט א רגע געטראכט צו זאל ער זיך אריינמישען אין געשפרעך צו ניט; און ווען אלימפיא האט אויף איהם אויפגעהויבען איהרע אויגען און א בעטענדען בליק געטהאן האט ער געזאגט:

— אויב יענער מאנאלדעסכי איז געווען דיא אורזאכע פון איהר ענטזאגונג פון דער קרוי און האט עס געוואוסט, האט ער שוין דאדורך געוויסע פפליכטען צו דער קעניגין, און האט געדארפט טהאן אלעס, וואס זיא האט געווינשט, אבער

אויב ער האָט דאס ניט געקענט טהאָן, האָט ער אלס מאן פון עהרע גלייך ביים אָנפאנג ניט געטאָרט דערלאָזען, אז עס זאָל דערצו קומען. נאר וויא ווייט איך וויים פון דער קעניגין, וועט איהר שטארק ניט אַרען דאס איבערגעהן צו דער קאַטוילישער רעליגיאָן.

— דיא קאטוילישע רעליגיאן איז דיא מוטער־רעליגיאָן, האט אָלימפּיא געזאָגט, און עס איז גאנץ נאטירליך צוריקצוקעהרען צו איהר.

— זאָג ארויס אָפען, וואָס דוא ווילסט זאָגען, האט אָלדענבורג געזאָגט, צו שפּינאָזא איך זעה פון דיא ווינקלען פון דיין מויל, אז דוא ווילסט זאָגען, אז אויב דיא קאַטוילישע רעליגיאָן איז דיא מוטער, איז דיא אידישע דיא גראָסמוטער־רעליגיאָן און זיא קען גראדע אזוי פערלאנגען, אז מען זאָל זיך קליידען נאך איהר מאָדע.

זיי זיינען געוועזען אזוי פערטיעפט, אז זיי האָבען ניט בעמערקט, וויא קערקערינג און וואן דען ענדע זיינען צו זיי צוגעגאנגען, ביז קערקערינג האָט זיך אריינגעמישט:

— ווער עס האָט ליעב מיט אן אמת, דער דארף נאָר גקלויבען אין זיין געליעבטע. איהר הארץ דארף זיין זיין טעמפּעל, קיין זאך אויסער איהר, דארף פאר איהם ניט עקזיסטירען ער דארף מיט איהר זיין איינס און דארף ניט טראכטען וועגען קיין שום פערצאמונגען, וואָס דיא מענשען האָבען געשטעלט צווישען זיי.

אלע האָבען פערוואונדערט אָנגעקוקט קערקערינג, נאָר דאקטאָר וואן דען ענדע האט איהם צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— ווייסט איהר דעם סוף פון פּראָפעסאָר בארלאאוס, וועמעס געליעבטע לינט איצטער ביים שטארבען? האט אָלימפּיא געזאָגט. דרייסיג יאָהר האָבען זיי זיך געליעבט און נאכדעם, ווִיא ער האָט איינגעזעהן, אז ער קען מיט איהר בשום אופן ניט הייראטהען, האט ער אין איין שעהנעם אבענד, געהענדיג פון איהר הויז געמאכט אַ ענדע מיט זיין לעבען דורך דעם, וואָס ער האָט זיך אריינגעוואָרפען אין אַ ברונען, וואס איז געוועזען ניט ווייט פון איהר הויז.

— איין זאך פערשטעה איך ניט, האט אָלדענבורג געזאגט, וויא אזוי האָט דער מענש אזוי לאנג געליעבט און ערסט ווען זיי זיינען ביידע אלט געוואָרען האָט ער זיך בעשלאָסען אויף אזא שריט.

— פאר וואָס האָט ער דאס ניט געקענט הייראטהען? האט ברוך געפרעגט.

— ווייל זיא איז געוועזען קאַטויליש און ער — פּראָטעסטאנט. און כאָטשע

אלע זיינע געדאנקען זיינען געוועזן ביי דיא געריכטען און רוימער פון דעם אלטערטהום, האט ער דאך זיך ניט געקענט ענטשליעסען איבערבייטען דעם פאָרמע פון גלויבען צוליעב זיין ליעבע,

אלע זיינען שטיל געבליבען. נאך א קורצער פויזע האט זיך אָלדענבורג אָנגערופען:

— א מאן מיט א ווירקליך גרויסע זעעלע טאָר זיך ניט צובינדען צו א פערזאָן, וואס ער אליין האָט אידעאליזירט, אויב אבער ער טהוט עס, פאלט ער אראָב פון א גאָט צו א מענש און שטארבט מיט א מענשליכען טוידט, און ווערט בעגראָבען צווישען דיא דארע ברעטער פון דער אָלטעגליכקייט.

— איך בין אויך אייער מיינונג, האָט וואן דען ענדע געזאגט, אזא הייראטה ברענגט קיין מאָל קיין גליק.

— אידעאַלען זיינען אויף דער ערד ניטאָ און זיי קענען ניט זיין, האט אָלדענבורג פאָרטגעזעצט אין א בעגייסטערטען טאָן, נארעש איז דער, וואָס זוכט זיי, און נאך נארעשער איז דער, וואס מיינט, אז ער האָט זיי געפינען. זיי קענען נאָר לעבען אין אונז און שוועבען איבער אונז אין אן אויסגעלייטערטער ערינערונג.

— עס איז געוועזן א צייט, ווען איהר האָט געזונגען נאר אן אנדער ליעד, האָט אָלימפּיא געזאגט.

— איך דענק נאך, וויא א מאָל, האָט אָלדענבורג געענטפערט. איך אליין מאך ניט קיין אנשפרוך אויף דיא העכסטע קרוין פון דער מענשהייט. אזעלכע וויא איך, זיינען פאראן טויזענדער אין דער גרויסער מאסע; נאר ווען איך זעה א פריינד, וואס איז בעגאבט מיט א הויכען וועלט־בעצווינגענדען גייסט, ווען איך זעה, אז ער לאָזט זיך פאנגען אין דער נעץ פון דער אלטעגליכקייט, און בווינגט זיין הויכען גייסט אום צו דיענען צו א געץ, וואָס ער אליין האָט בעשאפען, וועל איך איהם פון זיך פערשטויסען, וויל ער איז געוואָרען א פעררעטהער צו דער הויכקייט פון זיין בענוץ, קען ער אבער האלטען זיין אידעאל הויך און ריין, דאן פערגעטער איך איהם.

— איהר ווילט דיא הויכע גייסטער מאכען פאר מארטירער, האָט אָלימפּיא געזאָגט.

עס איז געוואָרען דונקעל, אלע זיינען זיך צוגאַנגען, און שפינאָזא האָט בע־

ליטעט אָלימפּיא א היים, פיהרענדיג איהר אויף זיין אָרם, אכיין ניט צו וויסען, וויא אזוי דאס איז געשעהן.

— זעהט איהר? דאָרטען איז דער ברונען, וואו בארלאאוס האָט זיך דער־טרונקען. וואָלט דען ניט בעסער געווען, ער זאָל אומבייטען זיין גלויבען, איידער פערליערען דאס לעבען.

— ניט דעם גלויבען און ניט דאס לעבען האבען מיר אליין גענומען. האָט שפּינאָזא געזאָגט.

אָלימפּיא האָט א ווײלע געשוויגען און דערנאך געזאגט:

— אָלדענבורג׳ס דיפּלאָמאטישעס אריינמישען זיך ערגערט מיך, אזא אריינמי־שען זיך בריינגט נאָר צו מיספערשטענדניסע, וועלכע וואָלטען קיין מאָל פּאסירט, אדער גלייך אויסגעגליכען געוואָרען.

— מיך פרייט, וואָס איהר דיינקט אזוי, האָט ברוך געענטפערט. און זיינע ליפּען האבען זיך צוזאמען געפּרעסט פון א שטאַרקען אינערליכען קאמפּף. ליעבע אָלימפּיא! איך האָב געקעמפּפט מיט מיין גאנצע מאכט, נאָר איך בין ניט אזוי שטארק, וויא איהר דענקט. איך וועל פאלען, אויב איהר וועט מיר ניט אונטער־האלטען מיט אייער האנד, אָדער ריכטיגער, אויב איהר וועט איהר אין גאנצען פון מיר ניט ענטציהען. איך וויל ניט ארויסזאגען דאס וואָרט, וואָס מיין הארץ רעדט צו אייך, נאָר איך בעט אייך, שטויסט מיך אוועק פון אייך, מיר קענען קיין מאָל איינער דעם צווייטען ניט געהערען.

אָלימפּיא האט נאך שטאַרקער צוגעפּרעסט זיין אָרם. איהר אָרם האָט גע־ציטערט, זיי האָבען פעסט גענומען דריקען איינער דעם צווייטען דיא האנד.

— וויא? האָט זיא געפרעגט. און פאר וואָס ניט? וואס קימערט אונז, וואָס א פאנאטישער פּעבעל האט מיט טויזענדער יאהר צוריק געטהאָן? האבען מיר אומ־זיסט דערגרייכט אזא שטופע פון ענטוויקלונג, אום זיך אָבצושרעקען פאר א פאָרמע, וואס דיא מענשען האָבען אויף אונז אָנגעוואָרפען? ווען אונזערע פערהעלטניסע זאָלען זיין פערקעהרט, ווען איך זאָל זיין אויף אייער פּלאַץ, וואָלט איך מיט פער־גניגען געגאנגען מיט אייך צום אלטאר; וואו ליעבע איז, קען קיין פאלש שווערען ניט ניכטען. פיעלייכט ווילט איהר, אז איך זאָל געהן אין בית המדרש און לאָזען זיך מגייר זיין פון דיא רבנים

— ליעבע אָלימפּיא! ווען איהר זאָלט וויסען, וואָס פאר א טיעפע שמערץ עס שפּאלט מיין הארץ, וואָלט איהר צו מיר אזוי ניט גערעדט, געוויס, וועט דאָס

זיין א פאלשע שבועה, ווען איך וועל אריינטרעטען אין אן אנדער רעליגיאָן. א דאנק דער פאָרטגעשריטענער געשיכטע קען איך זיך לייכט אָבזאָגען פון דיא פאָר־מען פון מיין רעליגיאָן; איך קען אויסארבייטען נייע אנזיכטען און א נייען ארט דענקען; איך וועל זיך פאר קיין זאך ניט אָבשטעלען און קיין זאך וועט מיך אָב־שרעקען, ארויסצוזאָגען אָפען מיינע איבערצייגונגען און לעבען אזוי, וויא איך פער־שטעה. מיינע ברידער פון דער רעליגיאָן, אין וועלכע איך בין געבוירען געוואָרען, קענען מיר אין דעם ניט שטערען, אנדערש אבער וועט זיין, ווען איך זאָל אריבער־געהן אין א נייען גלויבען. דיא נייע גענאָסען וועלען מיך מיט רעכט פרעגען: פאר וואָס האָסטו אונזער רעליגיאָן אָנגענומען, ווען דוא האָסט גאָר אנדערע איבערציי־גונגען? ...... איך וויים גאַנץ גוט, אז מען קען זיך אויס'פּלפול'ען און זאָגען, אז איך וועל נאָר איבערבייטען דיא פאָרמע, אבער מיין דענקען וועט בלייבען פריי. אבער דאס וועט זיין אין אמת'ן א פאלשע שבועה און וועל איך, עובר־שבועה'ניק, קענען ווען עס איז נעהמען דאס וואָרט ווארהייט אין מויל און ניט רויט ווערען?

אָלימפּיא האָט געשוויגען. מיט איין האנד האָט זיא געהאלטען זיינע פעסט און מיט דער צווייטער האט זיא געלאָזט שפּינאָזא זאָל איהר פיהרען, וואו ער וויל.

שפּינאָזא האָט ווייטער גערעדט מיט א בעוועגטער שטימע:

— איך וועל אייך פרעגען צוריק: האבען מיר אומזיסט דערגרייכט אזא הויכע שטופּע אין דענקען, אום זיך צו לאָזען בעזיעגען פון א ליידענשאפט, וואָס וועט זיין פאר אונז א קוואל פון קומער און לייד? איך האָב לאנג געקעמפּפט, נאָר ענדליך מוז איך צו אייך אָפען און עהרליך ריידען: פון איצט אָן זאָל אלעס פער־געסען ווערען און אָבגעריבען פון זכרון, וואָס מיר זיינען געווען און וואָס מיר האָ־בען געוואָלט ווערען. ווען מיר וועלען זיך איינער פון צווייטען דערווייטערען און מיט א שטארקען ווילען וועלען מיר צוריקגעפינען אונזער רוה. מיר האבען זיך געליעבט, דאס זאָל פאר אונז זיין גענוג, זוכט ביי אן אנדערן דאָס גליק, וואָס איך קען אייך ניט געבען און וואָס איך דארף אייך ניט געבען.

— איך האָב נעדענקט, אז איהר זייט פיעל זעלבסטשטענדיגער, נאָר איך זעה, אז אָלדענבורג האָט אויף אייך געהאט א שטארקען איינפלוס. איהר שטרעבט צו אן אונשטערבליכער גרויסקייט. אָה, איהר וועט זיך אריינוואָרפען אין בעוועגטען לעבען און דאָרט פערגעסט מען זעהר גיך א יוגענד־ליעבע. איהר וועט נאָך אפילו

אָבלאַכען דערפון, וואָס וועט אייך אָננעהן, וואָס א פרעמדע הארץ וועט זיין א צובראָכענע און וועט קיין טרייסט ניט געפינען.

— ליעבע אָלימפּיא! האָט שפּינאָזא אָנגעהויבען, אייער הארץ אליין פער־קלאָגט אייך פאר'ן אונרעכט, וואָס איהר טהוט מיר. נאר וואס סען איך אייך געבען? א לעבען אין אָרימקייט און נויטה, ווען אפילו איך זאָל זיך אָבזאָגען פון דעם גלויבען פון מיינע עלטערן און געהערען צו אייך.

— שלום עליכם, רבי ברוך! דוא דארפסט זיך ניט איילען: מעריב איז שוין לאנג אָבגעדאַווענט! האט פּלוצים אונטערבראָכען דיא רעדענדע א פערקאַטער־טער קול.

שפּינאָזא האָט זיך אומגעקוקט, דאס איז געוועזן חסדי, וועלכער איז געשווינד פערביי זיי דורכגעגאנגען

— האָט ער פיעלייכט געהערט, וואָס איך האָב געזאָגט? האט ברוך געפרעגט.

— איך דענק, אז ניט, נאר עס איז שרעקליך, אז אזא טוינעניכטס זאָל אייך וואַגען אָבצושטעלען אויף דער גאַס. איצט בלייבט דאס אזוי, איך לאָז אייך ניט אָב, איך רעכען דאס פאר מיין פפליכט. איך האס דיא ענטזאגונג, ווייל דאָס איז ניט מעהר וויא א פערשעהנערטע פאָרמע פון פיינהייט, און דאס פּאסט ניט פאר מיר און פאר אייך.

אזוי ריידענדיג, זיינען זיי צוגעקומען צום הויז. שפּינאָזא האָט געוואָלט אוועק־געהן, נאָר אָלימפּיא האָט איהם פערהאלטען:

— איך וועל זיך איצט פיהלען שרעקליך אליין אין דיא פיער וואנד. קומט מיט מיר ארויף.

זיי זיינען א לאנגע צייט געזעסען אין דעם האלב דונקלען צימער און האָבען ניט גערעדט קיין וואָרט, וויא זיי וואָלטען מעהר ניט געהאט וואָס צו זאָגען איינער דעם צווייטען. ענדליך האָט איהר שפּינאָזא געבעטען, זיא זאָל זינגען עפּעס א ליעד. זיא האָט געשפּיעלט א לאנגע צייט אויפ'ן אָרגעל, נאָר שפּינאָזא האט איצט אויסגעפונען, אז איהר שפּיעלען ווירקט היינט ניט אויף איהם בערוהיגענד, וויא ביז איצט; איהם איז געוועזן שווער צו זיצען און זיך צוהערען און ניט צו קענען פערזינגלען איהרע ליפּען מיט א קוס.

ענדליך ווען ער האָט געזעהן, אז ער קען זיך לענגער ניט בעהערשען, האָט ער גענומען זיין הוט און האט זיך אָבגעזעגנט. אָלימפּיא האט איהם צונעלייב

מיט א ליכט, ווען ער האט גענומען אראבנעהן פון דיא טרעפ, זיי זיינעןביידע ארונטערגעגאנגען שטיל, אָהן א וואָרט. ער האט איהר דערלאנגט זיין האנד און זיא האָט אוועקגעלעגט איהר בלאָנדען קאָפּ אויף זיין ברוסט, ער האט איהר ארומגענומען, איהר הארץ האט העפטיג געקלאפט אויף זיין ברוסט.

— ליעבע אָלימפיא! איך בעשווער אייך מיט אלעם, וואס אייך איז הייליג איהר זאלט מיך ניט ליעבען, איך בין דאס ניט ווערטה.

— איך מוז דיך ליעבען, בענעדיקט. הייס מיין הארץ, עס זאָל אויפהערען צו קלאפען. איך קען דיך ניט לאָזען.

איהר שטימע האָט געציטערט, ער האט איהר נאך שטארקער צוגעדריקט צו זיין ברוסט. זיי זיינען אזוי לאנג געשטאנען ארומגענומען און האבען זיך לייי־דענשאפטליך געקוסט.

ענדליך האָט ער זיך אויסגעריסען פון איהרע אָרעמס און איז אוועק. אָלימפיא איז זיננענדיג ארויפגעשפרונגען אויף דיא טרעפ און האָט איהם פון דאָרטען נאכגעשריען:

— גוטע נאכט, חערר דע שפינאָזא!

ער איז געבליעבען שטעהן ניט ווייט פון דער טהיר, וועלכע האט זיך פער־שלאָסען הינטער איהם. ער איז אזוי לאנג געשטאנען און האט ארויפגעקוקט צו איהר אין פענסטער, איין געדאנק נאכ'ן צווייטען איז איהם געקראָכען אין קאָפּ. „איך קען דיך ניט לאָזען" האסטו געזאגט. איך האב דיינע ריינע ליפען געקוסט און דוא ביזט מיינע, מיינע אויף אייביג — איז דען מיין מוטער ניט געווען א מאָסלעמין? איז זיא דען ניט איבערגעגאנגען צו צווייטע רעליגיאן אוים ליעבע צו מיין פאטער? וואלט איך דען ניט געבאָרען געווארען א מאָסלעם, ווען זיא וואלט זיך געווען געהאלטען ביי איהר גלויבען? נאר דיין פאָטער און מוטער האבען זיך שטערבליך פערליעבט ביי זייער ערסטע בעגעגנים, און דוא? האסטו ניט פיעל אויסצוזעצען גענען אָלימפיא? האט זיא דיך געוואונען ביים שמייכלען דיר? האסטו גענען איהר ניט געקעמפפט? ...... נאר טאקי דארום איז אזא ליעבע דיא שטארקסטע, ווייל זיא איז געבאָרען געווארען אין צווייפעל. פאר וואס זיך אָב־זאגען? אויף איהר זייט ערווארטעט דיך גליק, כבוד, געניס ...... מוז איך דען זיין א שקלאף פון דער ווארהייט? פאר וואס זאל איך אליין נעהמען און מאכען זיך ביטער דאָס לעבען? ...... האב איך ניט א רעכט צו געניסען פון לעבען וויא אלע

אנדערע? ...... אבער דיין פאָטער? און גראָנימאָ? ...... זיי זיינען געווען גלויביגע אידען, און איך ......

ער איז וואהרשיינליך א לאנגע צייט געשטאנען פערזונקען אין דיעזע געדאנקען, ווייל עס איז שוין געווען זעהר שפעט, ווען ער איז געקומען אהיים.

דיא גלאָקען האָבען געקלונגען, און דער אָרגעל האָט געשפיעלט, דיא קאטוילישע קירכע איז געווען געפאקט. שפינאָזא איז געשטאנען פאר'ן אלטאר צווישען אָלימפיא און דאָקטאָר וואן דען ענדע, אויבען אויף דער בימה איז געשטאנען בנימין אין צוריסענע קליידער, זיין געזיכט פערגליווערט און אונבעוועגט. עס האָט זיך אנגעהויבען דאס געבעט, אלע זיינען געפאלען אויף דיא קניע, חסדי און וואן דען ענדעס גרויסער סקעלעט האבען געהאָלפען דעם גלח. חסדי האט געשאָקעלט דאס קעסעלע ווייראך, און יעדער מאָל, וואָס ער האָט זיך גע'צלמ'ט, האבען זיינע פינגער א זעץ געטהאָן דעם גאָרב פון זיין נאָז. דאס געבעט האט זיך געענדיגט, ברוך איז אליין צוגעגאנגען צום אלטאר און האָט זיך געשטעלט אויף דיא קניע פאר'ן גלח. ער האָט געשאָלטען זיין מוטער, וואָס האט איהם געבוירען און זיין פאָטער, וואָס האָט איהם אויף דער וועלט געבראכט. פאר וואָס זיי האָבען איהם פון זיין געבורט אָן ניט אריינגעפיהרט אין דער הייליגער קאטוילישער קירכע. פון דער בימה האָט זיך דערהערט א שרעקליכער געשריי, מען האָט ארויסגעטראָגען א טוידטען. דער גלח האָט ביידע הענד ארויפגעלייגט דעם משומד אויפ'ן קאָפּ, האט איהם שטיל געבענשט און האט איהם דריי מאָל בעשפריצט מיט'ן הייליגען וואסער. דער אָרגעל האָט געשפיעלט פרייליך ......

— ברוך! ברוך! שטעהט אויף!

עס איז נאָר געווען א חלום. שפינאָזא איז געלעגען אין בעט און דיא אלטע חיה איז געשטאנען נעבען איהם מיט א ליכט, ער האָט מיט דער האנד א פיהר געטהאן איבער'ן שטערן, וואָס איז געווען בעדעקט מיט א קאלטען שוויים.

— וואָס איז געשעהן? האט ער געפרעגט.

— אייער פאָטער ליגט, אל תפתח פה לשטן, ביים שטארבען. אלע שכנים זיינען זיך צונויפגעקומען.

ברוך איז אויפגעשפרונגען פון בעט, האט זיך געשווינד אָנגעטהאָן און איז ארונטערגעלאָפען אונטען. עס האלט וואהרשיינליך שמאָל מיט'ן פאָטער, ווייל ער האט געהערט, וויא דיא שכנים אונטען האבען געזאגט שמע ישראל.

**ווען ברוך איז אריינגעקומען, האט בנימין געהאלטען ביים ענדיגען דיא תפלה.**

ברוך האט זיך געזעצט אויפ'ן פאָטער'ס בעט. בנימין האָט אָנגעכאפט זיין האנד נאר אפילו זיין קאלטע האנד האט ניט געקענט אויסלעשען דיא היץ פון ברוך'ס האנד.

— פאָטער! האָט ברוך געזאגט און האט מעהר קיין וואָרט ניט געקענט ארויסברייננגען.

— בעט פאר מיר, מיין זוהן; האט בנימין געזאגט, בארכלענדיג.

שמע ישראל ד' אלוהנו ד' אחד! האבען זיך געהערט שטילע קולות ארום קראנקען.

דער קראנקער האָט מיטגעבעטען. ער האט אויפגעהויבען דיא אויגען צום הימעל, און ביים וואָרט „אחד" איז איהם ארויס דיא נשמה. זיינע ליפען האָבען זיך צוזאמענגעפרעסט און געעפענט וויא צו א קוס.

רבי שאול מצרטערא האָט געעפענט דאס פענסטער, אום ארויסצולאָזען דיא נשמה אין הימעל, און אלע אנוועזענדע האבען אויסגעשריען: ברוך דיין האמת.

פון צווייטען צימער האט זיך געהערט דאס געוויין פון מרים און רבקה.

דיא שכנים האבען שוין געוואָלט ארויסגעהן, ערסט דיא טהיר האט זיך האסטיג א עפען געטהאָן און חסדי איז ארייננעלאָפען.

— איז ער טוידט? האָט חסדי געפרעגט.

— שאָ! רוהיג, רבי חסדי! האבען דיא אנוועזענדע געזאָגט.

— ווייה צו דיעזען הויז! ער אליין האָט נאר געקענט אָבראטעווען זיין סורר מורה. איך האָב אליין מיט מיינע אויערן געהערט, אז ער וויל ווערען א קריסט, און חתונה האבען פאר א קריסטין.

— אויב איהר וועט נלייך דיעזע מינוט ניט ארויס פון שטוב וועל איך אייך ארויסשליידערן, האט אויסגעשריען שמואל קאססערעס. קיינער האט נאך אייך ניט געשיקט.

— איהר וועט מיך רופען און איך וועל ניט קומען, האט חסדי געענטפערט אונטער דער טהיר, ווען דיא אנוועזענדע האבען איהם פון שטוב ארויס־געפיהרט.

בנימין האט אין צוואה געשריבען, אז מען זאָל זיין אלטען שפאנישען שווערד צוברעכען און ארייגלעגען צו איהם אין קבר. דיא רבנים האבען לאנג ניט געוואָלט נאכגעבען דיזען פערלאנג, דיא ריכטיגע בעדייטונג פון וועלכען זייא

האבען ניט פערשטאנען. און ברוך האט נעדארפט ברענגען א סך מאמרים פון גמרא, אז דער ווילען פון זיין פאָטער זאָל נעטהאָן ווערען, ווען ער איז צונעגאנ־גען צום קבר אריינווארפען אביסעל ערד, האט ער זיך קוים נעהאלטען אויף דיא פיס. חסדי איז צו איהם צונעלאָפען, אום איהם אונטערשטיצען.

אין דער צייט פון שבעה האבען איהם בעזוכט אָלדענבורג און דאקטאר מייער. דער בעזוך איז איהם נעווען זעהר אונאנגענעהם, ער האט איצט בעטראכט וויא ער וועט איצט אָנהויבען צו פיהרען א פרייען און אונאבהענגינען לעבען. דער נערויש פון דער וועלט איז איהם זעהר נמאס נעוואָרען און ער האט נעוואָלט זיין אליין.

17טעס קאפיטעל.

# אַ נ י י ל ע ב ע ן.

באלד נאָכ'ן פאָטער'ס טוידט האבען זיך ביי דיא שפינאָזא'ס אָנגעהויבען מחלוקות. וויא עס שיינט, האבען זיך דיא איידימס נעגארט אין דער רעכנונג פון דער ירושה און עס איז נעבליעבען א סך וויינינער, וויא זיי האָבען ערווארטעט. קענענדיג ברוך'ס שטילען כאראקטער, האבען זיי נעוואָלט זיין חלק אין גאנצען צונעהמען, נאר צו זייער פערוואונדערונג, האָט זיך שפינאָזא נעשטעלט נעגען דעם, און האט נעפאָ־דערט א גלייכען טהייל, ער איז נעגאנגען אזוי ווייט, אז עס איז נעקומען צום נעריכט, וואו מען האָט איהם צוגע'פסק'עט זיין טהייל. אבער צו אלעמענס גרוי־סען ערשטוינונג, האט ער דערנאך זיין חלק פערטהיילט צווישעןביידע שוועסטער און האט פון דער גאנצער ירושה נענומען נאר זיין בעט, ווארשטאט, ביכער און קליידער. מיט דעם האט ער איבערגעצווינגען אין יענעם צימער אויפ'ן פינפטען טרעפ וואו עס האט אמאל געוואוינט זיין ערסטער לעהרער נעגריטיאוס. דא האט זיך פאר איהם אנגעהויבען א ניי און שטיל לעבען. זיין גאנצע צייט האט ער פער־בראכט אין לערנען און ארבייט. פון צייט צו צייט האבען איהם בעזוכט זיינע נו־טע פריינד, און צוויי דריי טעג נאך אנאנד האט ער זיין צימער ניט פערלאָזט. דיא גוטע פרוי נערטרוא, האט איהר נייען שכן ליעב נעקריענען, אבער אין איין הינזיכט איז זיא נעווען פון איהם אונצופריעדען.

— איך וויים ניט, פלעגט זיא זאָגען, ענטוועדער איהר ווילט זיך אָבנעוואוי־נען פון עסען גאר אין גאנצען, אדער דיא פוינלאך פון איהם הימעל ברייננען אייך שפייז, וויא זיי פלעגען דאס טהאן פאר דיא נביאים אין דער וויסטענים. פון דעם

וואס איך ברענג אייך קענט איהר ניט זאט ווערען. נעכטען האט איהר, אויסער אביסעל מילכיגען זופּ, און א טרונק ביער, גאר ניט געהאט, און היינט האט איהר ווידער דעם גאנצען טאָג אָבגעלעבט מיט אביסעל גריץ געקאכט מיט ראָזענקעס און פּוטער. נאך מיין רעכנונג האט איהר דעם גאנצען מאָנאט אויסגעטרונקען צוויי פינטען וויין דאס איז ניט צום לעבען און ניט צום שטארבען.

שפּינאָזא האט איהר געזוכט צו ערקלעהרען, אז זיינע פּערדיענסטען ערלויבען איהם ניט בעסער צו לעבען.

— יא, האט זיא געענטפערט, מען מוז לעבען, וויא מען קען, נאר איך ווייס, אז איהר קענט לעבען בעסער, דיא פיעלע רייכע הערען, וואָס קומען צו אייך וואָלטען אייך מיט פערגנניגען געגעבען וויא פיעל איהר ברויכט; און דאס וואָלט גאָר קיין עולה ניט געוועזען: זיי שטערען אייך גענוג אין אייער ארבייט, אזוי זייט איהר, דוכט זיך, א גאנץ קלוגער מאן, מען קען מיט אייך רעדען פון וואס מען וויל, נאר אין דעם זייט איהר, איך בעט אייך טויזענד מאָל אום פערצייהונג נאָר א קינד.

זיא איז ארויס פון צימער און האָט נאך אויף דיא טרעפּ געמורמעלט:

— דיא געלעהרטע, אלע האָבען זיי פליגען אין קאָפּ.

אויף דיא טרעפּ אונטען האט זיא בעגעגענט אָלדענבורג און האָט זיך פאר איהם געקלאָגט אויף שפּינאָזא׳ס ארט לעבען.

אָלדענבורג האט ברוך׳ן שטארק אויסגערעדט פאר זיין ארט לעבען, איהם איז ניט געוועזען געפעלען, וואָס ברוך האט זיך פערשפּארט פון דער וועלט. ערסטענס וועט איהם אזא לעבען קראנק מאכען און צווייטענס האט ער מורא גיהאט אז אין דער טיעפע שטילקייט וועט זיין ליעבע צו אָלימפּיא נאך טיעפער זיך איינוואָרצלען ביי איהם אין הארצען.

— כאָז מיר מיינע שטילע פיער ווענד, האט ברוך איהם געענטפערט. דיא אויסען־וועלט ווערט גענוג ערפּאָרשט ביי אנדערע. אין מיין ענגען צימערל געפין איך זיך גאנץ היימיש, איך בין קיין מאָל ניט אליין; איך זאמעל ארום מיר שטענדיג א גרויסע געזעלשאפט פון דיא גייסטער פון דער ווארהייט. אין מיינע פיער איילען קען איך בעסער בעטראכטען, וואס אין דעם מענשענס זעעלע קומט פאָר.

— וואס זאָל מען מיט דירריידען, האט אָלדענבורג געענטפערט מיט א פייער אין דיא אויגען, אז אין דיר אליין איז פאראן אלסדינג? און דאָך דארפסטו ארויסטרעטען אין דעם בעוועגטען לעבען און פערשפּרייטען דיא ווארהייט, וואָס

דוא האסט אנערקענט און פאלען זאָגאר אלס אָפּפער, אויב דאס וועט זיין נויטהי.

— שטארבען פאר א ווארהייט, וואס דוא האָסט ערקאַנט איז א גליקזעליג־קייט, וואס ווייס ניט פון קיינע שמערצען; אבער אזא טוידט בעווייזט פאר אנ־דערע גאָר ניט.

ביידע פריינד האבען נאך לאנג גערעדט דאריבער און ברוך איז געבליבען ביי דאס זייניגע.

וואָס ווייטער האט זיך שפינאָזא מעהר אריינגעצויגען אין זיין נייען אַרט לעבען און האט זיך געפיהלט זעהר גליקליך אין זיין פערשלאָסענהייט. דאָ אין דיא פיער ווענד, ווייט פון דעם גערויש פון דער וועלט ווערט דאס לעבען א מין דענקען.

א מאָל אין עטליכע טעג פלעגט איהם ארויף אָלימפּיא אויפ'ן זינען און ער האָט זיך געוואונדערט וואס ער האָט איהר אזא צייט ניט געזעהן און זאָגאר פער־געסען אן איהר. און דאָך האָט ער איהר געליעבט מיט זיין גאנצער זעעלע. ווען ער פלעגט צו איהר געהן מיט א בעזוך, האט איהם דאס הארץ שטארק נעקלאפּט און ניט זעלטען איז ער פון איהר ארויס מיט א פערשטאָרבענעם גייסט, אבער וויא ער איז געקומען אין זיינע פיער איינזאמע וועלט, האט ער זיך ווידער גע־פיהלט גליקליך.

צייט יענעם שרעקליכען אבענד זיינען דיא ליעבענדע מעהר קיין מאָל פער־בליעבען אונטער פיער אויגען. זיי האבען זיך נאר בעגעגענט מיט דיא בליקען און אין דעם האבען זיי גענאָסען פיעל גליק. וואס ער דענקט צו טהאָן האט מען ניט געקענט וויסען, ווייל ער האט נאך עפּטער גערעדט פון זיין אידישקייט און האָט זיך איבערהויפּט בעמיהט צו ווייזען זיך אין א שלעכטע ליכט, צייטענווייז האט געשיינט, אז ער וויל מיט דעם אויסהיילען אָלימפּיא פון איהר ליעבע צו איהם, נאר ווען אָלימפּיא האט גענומען זיך צושמייכלען צום בלאָנדען קערקערינג, אויס קאקעטעריי אדער אָדער אויס ראַכע צו איהם, פלעגט דאס איהם שטארק פערדריסען.

— דיא אידען מאכען א ליארם און ווילען דאס פערבלאָנזעטע שעפעלע צו־ריקטרייבען אין זיין סטאדע אריין, האט אָלדענבורג א מאָל געזאָגט ווען ער איז מיט מייער אריינגעקומען צו שפינאָזא'ן.

— האָב קיין מורא ניט, ברוך, האט מייער געזאָגט, דוא האָסט זיך אזוי

הויך פערקליבען, אז איידער מען וועט זיך צו דיר פערסלייבען, וועט דער אטהעם אויסגעהן.

— וואס וואָלט געוועזן א שטיינער, האט אָלדענבורג ווייטער געזאגט, ווען דוא וואָלסט זיך בעהאלטען אין א נייעם אוניפאָרם און אונטער אן אנדער פאָהן, איידער זיי וועלען דיך אבזוכען און צוריקשלעפען.

— איך ווייס ניט פון קיין אוניפאָרם, וואָס וואָלט מיר געפּאסט.

— דוא האָסט רעכט, האט געזאגט מייער, ווען איך זאָל דארפען דיר צו־שניידען א אוניפאָרם, וואָלט איך געדארפט פערברויכען דעם גאנצען דעק פון הימעל און אויפ'ן ברוסט, וואָלט איך דיר אָנגעשפּיקעט דיא זון, דיא לבנה און דיא שטערן אלס אָרדענס.

## 18טעס קאפּיטעל

# דיא התראה.

שוין דריי מאָל איז דער שמש, וועלכען מיר האבען געזעהן, ווען שפּינאָזא איז געגאנגען מיט רבי יצחק אבאאב אין מקוה, געווען ביי שפּינאָזא און האט איהם אויפגעפאָדערט אין דעם נאָמען פון „בית דין" ער זאָל צוריקקעהרען אין דער גע־מיינדע און לעבען וויא דיא היילינע תורה הייסט. דער קליינער חרם איז אויף איהם ארויפגעלעגט געוואָרען און ער איז אויף דרייא חדשים אויסגעשלאָסען גע־וואָרען פון זיין געמיינדע. אָבוואָהל ער אליין האָט שוין אויף זיך ארויפגעלעגט אזא מין חרם מיט דעם ארט לעבען, וואס ער האט געפיהרט, האט ער דאך פּראָ־טעסטירט געגען דער האנדלונג, נאָר זיין פּראָטעסטירען האט איהם גאר ניט גע־האָלפען. געארט האָט איהם דאס זעהר ווייניג; און ער האָט אן דעם באלד גאָר פערגעסען. איצט האבען איהם אן דעם דערמאָנט זיינעביידע שוואָגערס, וועלכע זיינען געקומען צו איהם און געבעטען איהם, ער זאָל זיך אומקעהרען צו אידישקייט ער האָט זיי רוהיג געענטפערט, איהם ארט דאָס ניט, און דא האבען זיי געמאכט קולות און געזידעלט און געדראָהט, אז זיי וועלען איהם צורייסען וויא א הערינג, אויב ער וועט דיא שאנדע פון זיי ניט אראָבנעהמען. דאס שפּאנישע בלוט האָט געקאָכט אין שפּינאָזא און ער האט זיי רוהיג ערקלערט, אז זייער פערוואנדשאפט מיט איהם גיט זיי נאָך ניט קיין רעכט מיט איהם אזוי צו רעדען. א שטארקע קראפט האט געמוזט ליעגען אין זיינע ווערטער, ווייל זיי זיינען באלד שטיל גע־וואָרען האבען שטום איינער דעם צווייטען אָנגעקוקט און זיינען אזוי ארויסגעגאנגען.

דעם קומענדען שבת איז שפּינאָזא נאָך מעהר איבערראשט געוואָרען, צו איהם אין צימער איז אריינגעקומען א פרוי מיט איין קינד אויפ'ן האנד און א צווייטע האט זיא געפיהרט ביי דער האנד.

— ליעבע מרים! עס פרייהט מיך זעהר, וואָס דוא ביזט צו מיר געקומען. אבער וויא געעלטערט דוא ביזט געוואָרען! ביזטו קראנק? אדער געהט דיר אזוי שלעכט?

— איך בין גאָט צו דאנקען געזונד, און האָב זיך ניט וואָס צו קלאָגען, יא, ליעבער ברודער, חתונה האָבען איז ניט קיין קאַטאָוועס. צוויי שווערע געבור־טען ביי וועלכע דרייצעהן וואָכען בין איך אָבגעלעגען אין בעט, דיא קינדער לאָזען א גאנצע נאכט ניט שלאָפען און שטענדיג דרייען מיט'ן קאָפּ. איצט וואלסטו שוין פון מיר ניט געלאָבט, אז איך שטעה לאנג ביים שפּיעגעל: וואָכען געהן אוועק און איך גיב ניט א קוק אין איהם.

— עס טהוט מיר זעהר לייד, וואָס איך האָב וויניג צייט געהאט מיט דיר זיך צו זעהן, אבער זאָרג ניט מעהר, עס וועט ווערען בעסער, דוא קענסט זיך ניט פאָרשטעלען וויא אנגענעהם מיר איז דיך ווידער צו זעהן. בלוטפערוואנדטע זיינען פון דער נאטור דיא בעסטע פריינד.

— און דאָך, האָט מרים געענטפערט, מאכסטו, אז מיר זאָלען זיך מעהר ניט קענען זעהן אָהנע רויט צו ווערען, פיעלייכט ווען איך שטעה דא איצט מיט דיר און רעד, רופט מען דיך אויס צום דריטען מאָל אין שוהל, דוא זאָלסט זיך אומקעהרען צו דער געמיינדע, פאָרינע וואָכע בין איך אין עזרת נשים געשטאנען, ווען דיין רבי יצחק אבאָאב האט אויסגערופען דיין נאָמען צום ערסטען מאָל, אין שוהל איז געוואָרען שטיל, וויא אויף א בית הקברות, יעדער האט איינגעהאלטען דעם אטהעם, און איך האב געמיינט, אז מען רייסט מיר ארויס דאס הארץ פון ברוסט, דא בין איך געוואָרען קאָלט וויא אייז, און באלד האט מיר דאס בלוט גענומען שפּארען אין געזיכט, און איך האָב געמיינט, אז איך ווער פערברענט, איך האב געוואונשען, אז א גרוב זאָל זיך עפענען אונטער מיר און זאָל מיך איינ־שלינגען. איך ווייס ניט, פון וואנען עס האָבען זיך ביי מיר גענומען קרעפטען איינצושטעהן אויף דיא פיס און דערנאָך אהיים צוגעהן, היינט רופט מען דיך אויס צום צווייטען מאָל, און איבער אכט טאָג צום דריטען מאָל און דאן...... אָ, איך וועל דיא שאנדע ניט אריבערטראָגען, מיין מאן פערלאנגט, אז איך זאָל אין גאנצען פערגעסען, אז דוא ביזט מיין ברודער; אבער וויא קען איך עס? עס

שיינט, אז דוא קענסט עס יא, ווער עס פערגעסט זיין רעליגיאָן, ווארום זאָל ער זיין שוועסטער ניט פערגעסען.

א פּאָר מינוט האט מרים געקוקט דעם ברודער אין געזיכט, אויף וועלכע עס האָט זיך אבגעטונקט א טיעפער שמערץ. א מיטלייד האָט זיך אין איהר דער־וועקט, וואס זיא האט איהם ווייה געטהאן און זיא האָט וויי טער גערעדט מיט א געוויין:

— טאָג און נאכט דענק איך נאָר פון דיר, און איך פערגעס מיין פּפליכט אכס מוטער און אלס ווייב. אָה, ברודער, ווען מיין זוהן זאל א מאָל זיין שוועס־טער פערשאפען אזעלכע צרות, ווינש איך בעסער, ער זאָל שטאַרבען איידער ער וועט זיך אויסלערנען ריידען.

— רייד ניט אזוי, מיין ליעבע שוועסטער, איך האָף אז אלעס וועט נאָך זיין גוט, ווייס דיין מאן, אז דוא ביזט ביי מיר? האט שפּינאָזא געפרעגט.

— ער טאָר קיין וואָרט ניט וויסען, האט זיא געענטפערט, היינט אין דער פריה האט ער געוואָלט, איך זאָל אין שוהל געהן, נאר איך וואָלט בעסער גע־גאנגען צו דער תליה, דיא וויבער טייטלען אויף מיר מיט דיא פינגער, און שושקען זיך, איך האָב איהם געזאָגט, אז איך מוז בלייבען ביים קינד און בין צו דיר גע־גאנגען. רבקה איז אויך געבליבען אין שטוב, נאָר זיא האָט ניט געוואָנט מיטצו־געהן, איהר מאן איז צו שטרענג. איך ווייס ניט, פאר וואָס דוא ווילסט ניט קומען צוריק צו אונז. דוא ווייסט, איך בין ניט איבריג פרום, אבער דאס זעלבע לעבען וואס דוא פיהרסט יעצט, קענסטו אויך פיהרען, ווען דוא וועסט לעבען וויא אלע אנדערע אידען. ווילסטו ניט געהן דריי מאָל א טאָג אין בית המדרש — געה איין מאָל אין וואָך, דאס איז דאך ניט אזא שווערע זאך. אומשטיינס געזאָגט, וואס פאר א לעבען דוא פיהרסט: נ י ט ק י י ן ש ב ת נ י ט ק י י ן י ו ם ־ ט ו ב. איך בעט דיך ברודער, קעהר זיך צוריק פון דעם וועג. איך גלויב דיר, אז דוא האסט רעכט אין פיעל, פיעל זאכען, נאָר האלט דאס פאר זיך, אָדער דערצעהל דאס מיר, אבער צו וואָס דארפסטו, אז דיא גאנצע וועלט זאָל דערפון וויסען? זיי ווידער, וויא דוא ביזט א מאָל געוועזן, גלויב מיר, דוא קענסט נאָר אנדערש ניט זיין, דוא האָסט קיין מאָל קיין פליג אויף דער וואנד ניט אָנגעריהרט און איצט ווילסטו געהן קעמפפען מיט דער גאנציער וועלט! גאט! ווען דוא פערלאָזט דיין וואוינונג ביי דער קריסטין און נעהסט איבער צו אונז, וואלטען מיר דאך פאר שמחה אין דיא גאסען געטאנצט. איך וועל פאר דיר טהאָן אלעס, וואס איך וועל

קענען, דוא וועסט ביי מיר האבען פון פויגעל מיכך, איך וועל מיינע הענד אונטער דיינע פיס אונטערלעגען. קום אבער צו אונז.

ברוך האט איהר נעענטפערט, אז ער וועט קומען אין שוהל און וועט זיך פערטהיידינגען פאר דיא רבנים, אום אויף זיין פאמיליע זאָל קיין אום־כבוד ניט פאלען, ער וועט דאס טהאָן ניט נאָר פאר זיך, נאר אויך פאר אנדערע און וועט צוברעכען דיא מאכט, וואס וואגט דאס דענקען אריינלעגען אין חרם.

— איך גלויב דיר, איך גלויב דיר, אז דוא ביזט בעסער פון דער גאַנצער וועלט, אבער גלויב מיר אויך אז דיא מענשען זיינען ניט ווערט, אז איין האר פון דיין קאָפּ זאָל פאלען צוליעב זיי.

שפּינאָזא האָט שטארק געריהרט א קוק געטהאָן אויף זיין שוועסטער, וואס האט איהם אזוי געליעבט, אז צוליעב איהם האט זיא דיא גאנצע וועלט פערגעסען. זיא האָט געשיינט צו בעמערקען, וואס ביי איהם אין הארצען קומט פאָר, ווייל זיא האָט זיך מיט א יאָמער־געשריי א וואָרף געטהאָן צו איהם אויפ׳ן האלז און האט אויסגערופען:

— דוא קענסט ניט און טאָרסט ניט אָפּפערן אונז פאר דיא גאַנצע וועלט. אדער איז דאס אמת, אז דוא ווילסט חתונה האבען פאר א קריסטין.

שפּינאָזא האט זיך דערפיהלט אין א שרעקליכע פערלעגענהייט; זאגען ליגען איז ניט געוועזן זיין נאַטור. וואס זאָל ער איהר ענטפערן?

צום גליק האבען דיא קינדער, קוקענדיג אויף דיא מוטער, זיך צוואוויינט און און זיא האָט זיי אָנגעהויבען איינגעהמען.

— בנימין, האט זיא זיך געווענדעט צום קינד, בנימין! בעט דיין אָנקעל, ער זאָל פון אונז ניט אוועקגעהן! ברוך! ער טראָגט דעם נאָמען פון אונזער פאָטער, וואס קען איצט קיין רוה ניט געפינען אין קבר צוליעב דיר.

— אזוי וויינינג וויא דאס קינד בעשולדיגט מיר, אזוי בעשולדיגט מיר אונזער פאָטער, האט ברוך געענטפערט.

ער האט איהר נאָך א מאָל צוגעזאגט, אז ער וועט קומען אין שוהל פּער־טהיידינגען זיך, און מרים איז פון איהם אוועק מיט א שווערע הארץ.

דעם זעלבען אבענד האט ברוך געהאט אויסצושטעהן נאך א קאמפף. ראָדריגאָ קאססערעס איז צו איהם געקומען.

— דוא האסט מעהר קיין פאָטער ניט, און איך דארף פערטרעטען זיין פלאַץ, נעדענקסטו דיא שטונדע, ווען איך האָב דיר דאס ערסטע מאָל געזעהן? מען וועט

דיך אויף אזוי בענראָבען וויא א הונד, וויא יענעם אפּקורס. נעדענקסטו יענעם אבענד, ווען איך האב ביים טיש פרייטאג צו נאכט דערצעהלט פון דעם שרעק־ליבען טויט פון גערמָנימאָ? אזוי וועסטו אויך שטארבען, און טייוואָלים וועלען דיך צר־רייסען, וויל דוא האסט מיט דיא פיס צוטראָטען דעם גלויבען פון דיינע עלטערן. דיין פאָטער, איך און מיר אלע, פאר וואָס האָבען מיר דאס לעבען איינגעשטעלט און דאס שעהנע פאטערלאנד פערלאָזען? נאר אום צו קענען דיענען אָפען אונזער גאָט, און דוא פערשטויסט איהם פרייוויליג פון דיר, איצט האסטו נאָך צייט פאר'ן טוידט וועסטו קיין רוה ניט געפינען אויב דוא קעהרסט זיך איצט ניט אום צוריק.

שפּינאָזא האָט געשאנעוועט זיין עלטער און האָט איהם רוהיג ערקלערט זיין ענטשלוס און זיין אונשולד.

אכט טאָג לאנג האט האָט מען איהם צורוה געלאָזט. נאר דעם קומענדען שבת, ווען ער איז געזעסען ביי זיין אָרימען מיטאג, האט זיך עמיצער קוים, ארויפגעשלעפּט אויף דיא טרעפּ. דיא טהיר האָט זיך געעפענט און חיה איז ארייננעקומען.

— ברוך'ל! איך האָב דיך אויף מיינע הענד געטראָגען, האט זיא גלייך אָנ־געהויבען צו ריידען, קוקענדיג אויף דער וואנד, איך האב דיך אָבגעהיט, וויא דאס שווארצאפּפעל פון מיין אויג, בין דיר געוועזן וויא א צווייטע מאמע און האָט שטענ־דיג געהאָפּט, אז איבער הונדערט און צוואנציג יאָהר ווען איך האָבען, ווער עס זאָל נאך מיר קדיש זאגען, איך האָב ניט קיין קינד און קיין רינד און האָב גע־דענקט דיר איבערצולאָזען דאס ביסעלע געלד, וואָס איך האָב אָנגעקליבען און מיט דיין זכות וועל איך קריגען א זילבערנע שטוהל אין גן עדן. זאל איך גלויבען, אז ברוך'ל זאָל מיר אזוי מאוס אָבטהאָן?

— דער אויבערסטער וועט קיין אונרעכט ניט טהאָן, האט ברוך געענטפערט גוטמוטהיג, און וועט ביי אייך ניט אוועקרויבען דעם זילבערנעם שטוהל צוליעב מיינע חטאים, זינדיגט ניט, גוטע חיה, און מאכט ניט דעם רבונו של עולם פאר אזא שלעכטען.

— אבער מיר צוליעב ברוך'ל, וועסטו מיר צוזאָגען, אז פון היינט אָן וועסטו דריי מאָל א טאָג געהן דאווענען, טויזענדער יאָהרען זיינען אידען געגאנגען אין שול און געדאווענט און זיי זיינען ניט פערמאטערט געוואָרען; כ'לעבען, דיר וועט דאס אויך ניט שאדען, ניט אמת?

מיט גרויסע שווירינקייטען האט איהר ברוך ארויסגע׳פטר׳ט פון צימער.

זונטאג איז צו איהם געקומען דאָקטאָר סילווא, ער האט מיט איהם גערעדט געלאסען און רוהיג און האט אויף איהם געוואָלט ווירקען מיט גוטען. זעהענדיג, אז ער קען מיט בלויזע ווערטער ניט מאכען, האט ער צו איהם געזאגט:

— איך וויל דיר מאכען א פאָרשלאג, דיא געמיינדע באָט דיר אָן א שטעלע ביי בית־דין. דוא וועסט דאבײ גאר ווייניג האָבען צו טהאָן און דוא וועסט קענען אונגעשטערט פאָרטזעצען דיינע שטודיען.

— איך וועל קיין מאָל קיין אמט ניט אָננעהמען.

— אויך אזוי, וועט דיר דיא געמיינדע צאָהלען א רוהע־געהאלט טויזענד גולדען א יאהר מיט דער בעדינגונג, אז דוא זאָלסט נאָר ניט שרייבען נעגען דעם יודענטהום.

— א שפריכ־וואָרט זאָגט, אז מען וויל דאס פאָלק מאכען שווייגען, שטאָפּט מען איהם אָן, דאס מויל מיט ברייע דאס איז א גוט פּאָליטיש מיטעל, נאר דאָ נילט עס ניט, ליעבער הערר דאָקטאר, איך וויל ניט, איהר זאָלט אויף מיר אין כעס ווערען, נאר צו וואָס מאכט איהר מיר אזעלכע פאָרשלעגע?

ליעבער ברוך! איך בין ניט מעהר וויא א שליח, איך האָב נאָר געטהאָן, וואס דיא געמיינדע האט מיך געבעטען, נאר איך וועל מיט דיר גאר אנדערס רעדען, דאס בלוט פון דיינע שוועסטער און ברידער, וואָס זיינען ערמאָרדעט געוואָרען אין דער פערגאנגענהייט, שרייט אום ראַכע נעגען דיר, דען דוא שענדסט זייערע הייליגע קברים, דוא ווילסט אויף זייערע מצבות אנשרייבען, אז זיי זיינען אומגעקומען נאר צוליעב איינבילדונג און אירטהום.

— איך וויל דאס גאר ניט טהאָן, דאס איז נאר א רכילות אויף מיר, האט ברוך געענטפערט, גרויס און הייליג זיינען מיר דיא אידישע געזעצע, אין זיי האט זיך דיא גאָטהייט אין דיא פערגאנגענהייט אם קלערסטען ארויסגעוויעזען. געבענשט זיינען יענע, וואס פערשטעהען זיי און לעבען נאָך זיי, אבער האט דיא גאָטהייט זיין דעם אויפגעהערט צו לעבען אין דעם מענשענס גייסט? זיינען דיא אלע נאכנעבאָרענע דורות פערשאָלטען געוואָרען צו בלייבען שטעהן אויף דעם פּלאַץ וואס אונזערע אבות אבותינו זיינען געשטאנען און נאכצושלעפּען זיך נאך דיא אל־טע פאָרמען? דיא פאָרמע פוילט, דער גייסט אָבער בלייבט אויביג און וואַקסט אלץ ווייטער און ווייטער.

— אין דיר זיצט א געוואלדיגער גייסט, האט דע סילווא געזאָגט; דיין

געלאַסענהייט איז מיר דער בעסטער בעווייז, אז דוא ווערסט אַ מאָל זיין אַ גרויסער מאַן, ווייכע נאַטורען, ברויזען גיך אויף, שטאַרקע קיין מאָל ניט, וואַרף ניט קיין שטיין אין דעם ברונען, פון וועלכען דוא האסט געטרונקען, זיי דאַנקבאַר דעם יודענטהום פאַר דיא וואהרהייט וואָס דוא האָסט פון איהם געשעפּט. האַלט ביי דיא הייליגע און לאָז זיך ניט בעווענען אָבצופאַלען פון אונז, מיר וועלען דיך פערעהרען, ווען דוא ווערסט זיך בעצווינגען.

— אָבער איך אליין וועל קוקען אויף מיר מיט פעראַכטונג, האט ברוך געענטפערט.

זעהענדיג, אז קיין זאַך נעהמט איהם ניט אפילו קויב, האָט ער געזאָגט:

— ווייה, דוא ביזט פערלאָרען! איך קען נאָר בעטען צו גאָט, אז דער טאָג זאָל קומען, און פון דיינע אויגען זאָל אראָבגענומען ווערען דיא בעשענדנים, וואָס פיהרט דיך אין אָבגרונד.

טרערען זיינען געשטאַנען דעם דאָקטאָר אין דיא אויגען. ער האט זיך אָבגעווענדט און אוועקגעגאַנגען.

שפּינאָזא איז געווען טיעף גערירט פון דע סילוואַ'ס רייד. איהם האָט זעהר לייד געטהאָן צו פערשאַפען שמערצען דעם פיינעם אלטען מאַן, נאָר וואָס האט ער געקענט טהאָן?

א סך לייכטער איז איז איהם געווען ארויסצו'פּטר׳ען דעם לעצטטען בעזור בער, נאך מיטאָג איז אריינגעקומען חסדי און האט זיך טרויריג אנידערגעזעצט אויפ'ן באָדען, און האט אָנגעהויבען צו טרויערן.

— וואָס בעדייט דאָס? האט ברוך געפרעגט

— ווייה, ווייהגעשריען! האט הסדי געזאָגט ניט אויפהויבענדיג זיך פון באָדען דיא טומאה האט דיר שוין געמאַכט אַלעם פערגעסען, געדענקסטו ניט מעהר דיא געשיכטע פון אליעזר בן הורקנס?

— אמת, אמת, האט ברוך געענטפערט מיט אַ שמייכעל, רבי אליעזר בן הורקנס האט געוואָלט ווייזען וואונדער מיט'ן תנור של עכנאי, און מען האט איהם דערפאַר אריינגעלעגט אין חרם, און קיינער האט איהם ניט געוואָלט מודיע זיין וועגען דעם ביז רבי עקיבא איז געקומען און האָט זיך אַ וואָרף געטהאָן פאַר איהם אויף דער ערד, וויא דוא טהוסט איצט. נאָר שטעה אויף! איך קען ניט ווייזען אַזעלכע וואונדער, וויא רבי אליעזר און קען ניט בעפעהלען אַ בוים ער זאָל

אריבערשפרינגען פון איין פלאץ אויפ'ן צווייטען, אדער הייסען דעם טייך, אז ער זאל לויפען ריקווערטס, אדער זאגען דער וואנד, זיא זאל איינפאלען: זיי וועלען מיר ניט פאלגען.

— אזוי? האט חסדי אויסגעשריען, אויפשפרינגענדיג פון באדען, דוא לאכסט נאך פון דער גמרא? איך בין צו דיר געקומען מיט נוטען, נאר געה דיין וועג, און דיא ראבען פון טייך וועלען דיינע אויגען אויספיקען און דער יונגער אדלער וועט דיין פלייש אויפפרעסען. זיי פארזיכטיג! ווען איך וועל דיך אריינקריגען אין מיינע הענד, וועל איך דיך קורע כרג זיין (צורייסען וויא א הערינג).

— דוא האסט פערגעסען וויא עס שיינט, האט ברוך געענטפערט מיט א שמייכעל, וואס דיא גמרא זאגט, אונז וואס דער עזעל האט קיין הערנער ניט.

חסדי האט דערהערט טריט אויף דיא טרעפ און ער איז געשווינד אוועק.

## 19טעס קאפיטעל
## דער חרם.

אין יאהר 1656 איז ברוך איינזאם און אליין געגאנגען אין שוהל בית יעקב. קיינער האט איהם ניט בעגריסט, יעדער האט זיך איצט אבגעקעהרט פון דעם בלאסען יונגען מאן, וועלכען מיט ניין יאהר צוריק האבען זיי כמעט אויף דיא הענד געטראגען. דער קעמפפער פאר גאטעס ווארט האט זיי געשיינט גאר ניט צו גע־בען, עס האט זיי אויסגעוויזען, אז ער וויל נאר פון זיי אוועקנעהמען, ער האט נור געקעמפפט פאר דאס אלטע רעכט פון פרייען דענקען.

אין שוהל זיינען געזעסען צעהן דיינים, דער אב בית דין איז געווען רבי יצחק אבאאב, וואס האט זיך ניט לאנג אומגעקעהרט פון בראזיליען. נעבען איהם איז געזעסען רבי שאול מארטערא. ברוך איז געשטאנען פיער איילען ווייט פון זיי. רבי יצחק אבאאב האט זיך אויפגעהויבען און געזאגט:

— בעזרת השם, מיר האבען זיך דא פערזאמעלט אום איבער דיר ברוך בן בנימין שפינאזא א משפט צו האלטען. שווער אונז אין נאמען פון דעם אלמעכ־טיגען גאט, אז דוא וועסט אונז קיין ליגען ניט זאגען און דוא וועסט פאר אונז גאר ניט פערלייקענען און דוא וועסט פאלגען דעם משפט, וואס גאט וועט דורך אונז איבער דיר געבען.

פאלשקייט קען איך ניט און ליגען איז ווייט פון מיר, האט ברוך געענטפערט. איך וועל זיך אונטערגעבען אייער אורטהייל, ווען איהר וועט משפט'ען נאך דעם

רײנעם װאָרט פון גאָט, אבער ניט נאך דיא פשט'לאך פון דיא רבנים.

אונטער דיא דײנים איז געװאָרען א מורמעל. עס איז געװען קענטיג, אז זײער מײנונג איז געװען גלײך אדײנצואװארפען איהם אין דעם גרויסען חרם, פאר װאָס ער זאָגט זיך אב אנצונעהמען זײער אורטהײל.

רבי שאול מארטערא האט שטיל געזאגט צו זײ:

— לאָזט זעהן, װיא װײט זײן הארץ איז פערדאָרבען געװאָרען.

דערנאך האט ער זיך געװענדעט צו ברוך:

— זאָג דוא, פרעבער, האסטו ניט געזינדיגט געגען גאָט מיט טרפה מאכלים, האסטו ניט מחלל שבת געװען דורך ארבײט? האסטו זיך ניט ערװײטערט פון דײן געמײנדע און ניט געלעסטערט דעם הײליגען נאָמען און זײן געבאָט?

עס איז געװאָרען שטיל אין שוהל.

שפינאָזא איז ביז איצט געשטאנען מיט אראָבגעלאָזטע אויגען, נאר בײ דיא װערטער האט ער דעם קאָפּ אויפגעהויבען און געזאָגט מיט א רוהיגער שטימע:

— איך קען קײן אותות ומופתים ניט בעװײזען, און קען דיא נאַטור ניט רופען, זיא זאָל קומען פאר מיר עדות זאָגען, אין מיר אלײן מוז איך זוכען דיא קראפט, װעלכע װײזט, אז גאָט געפינט זיך בײ יעדען מענשען אין הארצען. דעם בעװײז פון מײן ליעבע צו גאָט קענט איהר זעהן דערפון, אז איך שטעה, אלס אָנגעקלאָגטער פון אײך, װײל איך זוך ניט געפעלען צו װערען גאָט אויף אײער אופן, און איך האלט זיך פעסט און מײן הארץ בערקלאָגט מיך ניט צו מיר אלײן. דיא אײנציגע זאך װעגען װעלכע איך פערטהײדיג זיך, איז װעגען חלול שבת, װײל דאס װאָלט געװען א פערברעכען געגען דעם הײליגען געזעץ פון גאָט און דער נאטור. פאר'ן נעדריקטען מענשען איז זעהר גוט, װאָס ער האָט אײן טאָג אין װאָך רוה; אבער װער ניט אײך דאס רעכט צו שטראפען איהם פאר א זינד, װאס ער בענעהט געגען זיך אלײן?

דיא דײנים האבען זיך אויפגעהויבען פון זײערע פלעצער און געזאָגט, אז מען טאָר אזעלכע זינדיגע װערטער מעהר ניט הערען, נאָר רבי יצחק אבאָאב האָט געזאָגט:

— לאָזט איהם רײדען, פון יעדען װאָרט זײנעם װערט א שד געבאָרען און נאך זײן טוידט װעלען זײ זיך אויף זײן זינדיגע נשמה אָנהענגען און אראָבשלעפּען איהר טיעף אין גיהנם. מיר דארפען אויסהערען זײן גאנצע שולד. עדות! װאס װאָס האָט איהר צו זאָגען.

חסדי און אפרים זיינען צונעטראָטען. חסדי איז נעגאַננען שטאָלץ מיט א אויפנעהויבענעם קאָפּ און אפרים איז נעגאַנגען מיט אראָבגעלאָזטע אוינען.

— ער האט פאר אונז געלעסטערט גאָט און דיא נביאים, האָט אָבגעלייקענט מלאכים און געלאכט פון נסים. איך שווער דאס ביים נאָמען פון דעם אויבינען גאָט, האט חסדי נעזאָגט.

— איך שווער אויך, אז חסדי האט נעזאגט אמת, האָט אפרים נע־זאָגט שטיל.

— וואס האָסטו אויף דעם צו ענטפערן? האט מאָרטערא געפרעגט.

איך האָב דיא נביאים ניט געלעסטערט, איך פערעהר זיי מעהר וויא דיא, וואָס רינגלען זיי ארום מיט א פאלשען ליבט פון אלץ־ווייס־איך און אלץ־קען־איך, ווייל מיט דעם רויבען זיי אוועק פון דיא נביאים דיא געטליכע מאיעסטעט פון מענשליכע גרויסקייט און מאכען זיי פאר געצען. איך האָב מלאכים אָבגעלייקענט, אבער האט שוין דען ניט רבי יוסף אלבא געזאגט, אז דיא אמונה אין מלאכים איז ניט נויטהינ? איך האָב פון וואונדער געשפּעט! און וואָס פערקלאָגט איהר מיך? עפענט אויף א חומש, וויא בלעם׳ס מויל־אייזעל רעדט און זעהט, וואס דער אבן עזרא זאָגט דאָרטען! איך האָב גאָט געלעסטערט, איך גלויב אבער, אז איך פערעהר איהם פיעל מעהר וויא איהר, איהר ווענדעט זיך צו גאָט מיט דען טיטעל „הגדול״ „דער גרויסער״ גיבט עס דען א גרויסקייט אהן א בעגרענצונג? דער שכל איז אונז געגעבען געוואָרען פון גאָט און דארום איז ער (דער מענש) ניט וויינינער געטליך און קען און מוז דיא אידעע פון גאָט פון זיך אליין שעפּען און אין זיך אליין געפינען און אויף אזא אופן לעבען, וויא גאָט האָט איהם געהייסען. „לא בשמים היא! דיא תורה איז ניט אין הימעל, אז מען זאָל זאָגען, ווער קען ארויף אויפ׳ן הימעל און נעהמען איהר און אונז זאָגען, וויא מיר זאָלען נאָך איהר לעבען ווייל גאָט׳ס וואָרט ליענט דיר זעהר נאָהענט, אין דיין איינענעם מויל און אין דיין איינענעם הארצען, און נאָך זיי קענסטו לעבען.״ אין אונזער פערנונפט אין דער הויכקייט פון דעם ריינעם געטליכען געדאנקען, דאָ איז דער הר סני. איך וועל ארויסזאָגען אָפען מיינע אנזיכטען איבער דיא הויכע פראגען, און אויב איהר וועט מיר צושלאָגען מיט דיא געוועהר פון פערנונפט, דאַן וועל איך זיך פאר אייך בויגען.

— וואס ווילסטו מיט דיין עבודה זרה׳דיגען שכל? האט זיך שאול מאָרטערא אנגערופען.

— צו שלאָגט איהם, אויב איהר קענט, האט שפינאָזא געענטפערט.

ביז איצט איז רבי יצחק אבאָאב געזעסען שטיל, און האָט זיך רוהיג צוגע־הערט צו דער פערהאַנדלונג איצט האָט ער זיך אויפגעהויבען און געזאָגט:

— דיא מאָס איז פול, איהר זייט אַלע מיט מיר איינפערשטאנדען, אז דער אפיקורס פערדיענט דיא העכסטע שטראָף פון גיהנם.

און ווענדענדיג זיך צו שפינאָזא, האט ער געפרעגט:

— איצט פרעג איך דיך ברוך בן בנימין שפינאָזא: ווילסטו דיינע זינדיגע ווערטער רופען צוריק און תשובה טהאָן, אדער דוא ווילסט פערשאָלטען ווערען מיט דער העכסטער קללה פון חרם.

— בעווייזט מיר מיט'ן פערנונפט, אז איך בין אראָבגעקראָכען פון ריכטיגען וועג, וועל איך גלייך חוזר בתשובה זיין, איהר ווילט מיך ניט אויסהערען ווער איך אייך ענטפערן מיט א געשריבענעם ענטפער, דא אין שוהל ווילט איהר מיך ניט אויסהערען און איהר ווילט ניט איך זאָל אייך דיא וואהרהייט דערווייזען, אבער מיינע געדאנקען וועל איך ארויסלעגען פאר דער גאנצער וועלט, דאָרטען וואו אייער חרם קען מיך ניט גרייכען. איך האָב זיך געשטעלט צו אייער משפט, אום אייך צו ווייזען, אז איך טרעט ניט ארויס געגען קיין געזעצמעסיגקייט, וואָס דענקט, אז זיא בעזיצט אין איהר גלויבען דיא וואהרהייט; אבער דיא פרייהייט פון דענקען האט איהר היילינגען, אונפערלעצליכען געביעט ווילט איהר מיך ארויס־שטויסען — א נייער טאָג וועט קומען, ווען......

— פאַלשער נביא, פערשטום! האט א דונער געטהאָן רבי יצחק אבאָאב, איך פרעג דיר צום צווייטען מאָל, איך פרעג דיר צום דריטען מאָל, ווילסטו חוזר בתשובה זיין?

א סעקונדע האט געהערשט אין שיהל א טויטע שטילקייט, שפינאָזא האט אויפגעהויבען זיין בליק און האט געענטפערט מיט א פעסטע שטימע:

— איך קען ניט; נאר איהר קענט אויך אנדערש ניט טהאָן, אבער איך שילט אייך ניט.

רבי יצחק אבאָאב האט קריעה געריסען מארטערא האט ארויסגענומען דעם שופר און האָט דריי מאָל געבלאָזען. דערנאך האט מען געעפענט דעם ארון, און אַלע האבען זיך אויפגעהויבען און רבי יצחק אבאָאב האט געלייענט פון א שטיק פּאַרמעט.

„בְּשֵׁם הַשֵּׁם, זיי דוא בָּרוּךְ בן בנימין אין דעם גרויסען חרם אַריינגעלעגט,

אין דעם חרם פון הימעל, און אין חרם פון דער ערד, זיי אין חרם פון דיא כרובים, זיי אין חרם פון דיא שרפים, זיי אין חרם פון דיא אופנים, זייא אויסגעשלאָסען פון קהלות פון דיא גרויסע און פון דיא קליינע. יסורים; צרות, קלאָגען זאָלען דיך נאָכיאָגען, דיין שטוב זאָל זיין א וואוינונג פאר שלאנגען, און דיין נאמען זאָל זיין צו שאנד און צו שפּאָט, דיינע קינדער זאָלען וויינען און בעטען עססען און זאָלען ניט געפינען. איינגעזונקען זאָלסטו ווערען, וויא קרח מיט זיין ראָטע, און דיין נשמה זאָל דיר אויסגעהן אין ציטערן און שרעקען.

„בשם מיכאל און גבריאל, רפאל און מישאל, פון דעם שם פון דיא צווייא און זיבעציג אותיות זיי פערפלוכט און פערשאָלטען נחזי'ס קרעץ זאָל זיך דיר אָנ־שטעקען און קיינער זאָל דיר ניט אויסהיילען; אז דוא וועסט פאלען, זאָלסטו זיך ניט קענען אויפהויבען. דיין ווייב זאָל זיין אָנגעוואָרפען אויף פרעמדע, און ווען דוא וועסט פּאָבען מיט דיין נשמה, זאָלען אנדערע איהר ענטוויי'הען. דיעזער חרם און דיעזע קללה זאל זיין אויף ברוך בן בנימין. ושלום עלינו ועל כל ישראל אמן.“

פון ארון קדש האָט מען ארויסגענומען דיא תורה און מען האָט געלייענט דיא פרשה: „און ווער עס וועט הערען דיעזע קללה און וועט טראכטען ביי זיך: אין הארצען, אז איהם וועט זיין פריעד“ דערנאָך האט מען ווייטער געבלאָזען שופר און אלע אנוועזענדע האָבען זיך געווענדעט צו שפינאָזא און געזאָגט:

— ארור אתה בבואך! וארור אתה בצאתך!

ווען ברוך איז ארויס פון שוהל, איז יעדער פון איהם אָבגעטראָטען פיער טריט, און האט א שפּיי געטהאָן.

נעבען שוהל האָבען געוואַרט אָלדענבורג און מייער, זיי האבען געהערט פון זיין נעהן אין שוהל און האָבען זיך געאיילט צו קומען אהער צו געבען איהם הילף, אויב מען וועט איהם וועלען טהאָן עפּעס שלעכטס. ווען זיי זיינען פערביינגעגאנגען שפינאָזא'ס הויז, האָבען זיי געהערט, וויא דיא שוועסטער האָבען געיאָמערט. ברוך האט געוואוסט, אז זיי בעוויינען איהם איצט מיט מעהר ווייטאג אין הארצען, וויא זיי וואָלטען בעווייִנט זיין טוידט, איצט ווען מען האט ביי איהם אוועקגעריסען און ער איז ניט פרייוויליג דערפון אוועק, האט ער דערפיהלט, וואס הייסט צו פער־ליערען מיט א מאָל דיא יוגענד, דיא פריינד, דיא קרובים, אלץ וואס איז אזוי טהייער פאר'ן מענשענס הארצען, זיינע פריינד האבען מיט איהם ניט גערעדט קיין וואָרט, זיי האָבען געפיהלט, אז זיין שמערץ איז צו גרויס פאר טרייסט. אָלדענבורג

האט זיין האנד ארויפגעלייגט ברוך'ן אויפ'ן אקסעל, וויא ער וואָלט איהם דאָרט געוואָלט לייען קראפט, ער זאָל גרינגער קענען איבערטראָגען.

— ניין, האָט ענדליך שפּינאָזא געזאָגט: ניין, זיי וועלען ניט אויספיהרען, אז איך זאָל זיי צוריקצאהלען מיט האס, מיט שנאה, פאַר וואָס זיי האָבען מיר געטהאָן.

— פריינד! האָט אָלדענבורג געזאָגט, איך מוז אין אַ פּאָר טעג פערלאָזען אמסטערדאם, דוא וועסט מיטגעהן מיט מיר.

— דוא ווילסט מיך אויך איצט פערלאָזען? האָט ברוך געפרעגט.

— מיין שיקט מיך אַלס געזאַנדטער נאָך לאָנאָן; קום מיט.

— און וואָס וועל איך דאָרטען טהאָן?

— איצט ווערט אין לאָנדאָן געגרינדעט אַ געזעלשאַפט פאר וויסענשאפט. איך בין ערוועהלט געוואָרען אלס מיטגליעד. מיר וועלען צוזאמען ארבייטען.

ער האט גענומען פאר שפּינאָזא אַ בילד מיט רייכע פארבען פון דעם לעבען אין דער גרויסער וועלט, עהרע, רוהם, פריידע רופען ברוך'ן אהין. שפּינאָזא'ס געזיכט איז פּלוצים געוואָרען העלער און גרעסער און אין זיינע געדאנקען האט ער געזעהן, וויא אָלימפּיא פיהרט זיין הויז. מייער האט איהם אויך שטארק צוגערעדט דערצו.

פּלוצים האָט ער אָנגעכאַפּט אָלדענבורג ביי דער האנד און האט מיט אַ ציטערנדיג קול געזאָגט:

— פערצייהעט מיך, איהר וועט מיך איצט איבערלאָזען אליין.

אַ שטארקער קאמפף האט זיך אין איהם אויפגעהויבען. פאר וואס האבען זיינע נוטע פריינד קיין וואָרט ניט געזאָגט פון אָלימפּיא, וואס איז דאס? האָבען זיי פון איהם עפּעס בעהאלטען?

צו איהר, צו איהר, מיט איהר דארף זיך אָנהויבען זיין ניי לעבען.

* * *

אין דער זעלבער שטונדע וואָס שפּינאָזא איז ארויס פון דער שוהל, איז קערקערינג ארויס מיט דאָקטאָר וואַן דען ענדע פון אַ קירכע, קערקערינג איז געווען בלאס און דער דאָקטאָר האט געלאכט. קערקערינג איז איצט איבערגעגאנגען צום קאטוילישען גלויבען.

איבערלאָזענדיג קערקערינג אין זיין שטודיר־צימער איז וואַן דען ענדע אריין צו זיין טאָכטער, וועלכע איז נאָך געלעגען אין בעט.

— מיין טהייערע טאָכטער! איך לאָז זיך איצט אויף א לאנגע און געפעהר־ליכע רייזע, און בין צופריעדען, וואָס איך לאָז דיך איבער אין גוטע הענד.

דאבביי האט ער איהר דערלאנגט א רייכען שנור פערל.

— דאָס שיקט דיר קערקערינג אלס מאָרגען־גרוס און לאָזט דיר וויסען, אז ער האָט צוליעב דיר מעהר טרעהרען פערגאָסען, אלס דיא פערלען, וואס געפינען זיך דאָ.

— אפשר דערפאר, וואָס ער האָט געדארפט בייטען זיין רעליגיאָן?

— וואס כּיינכּטו, עס איז איהם געווען גרינג? ער האָט דאס נאָר געטהאָן אוים ליעבע צו דיר.

— ווייה! האָט אָלימפּיא אויסגעשריען און האט איינגעגראָבען מיט א געוויין איהר קאָפּ אין קיסען.

ווען דער פאָטער האָט מיט געוואלד איהר קאָפּ אויפגעהויבען, האט זיא וויינענדיג געזאָגט:

— מיר זיינען אלע אונגליקליך, מיין הארץ געהערט צו שפּינאָזא, איך ליעב איהם, און ער ליעבט מיך מיט'ן גאנצען פייער פון זיין זעעלע.

א פּאָר מינוט איז וואן דען ענדע ארומגעגאנגען א פערצווייפעלטער, איבער'ן צימער. ענדליך האָט ער געזאָגט:

— וויא איך פערשטעה, האט איהר זיך שוין אין ליעבע ערקלערט, דוא ווייסט, אז איך בין ריין פון פאָראורטהיילע, איך בין א פרייער מענש, נאר דוא ווייסט אויך, אז איך ווער קיין מאָל אויף דעם ניט איינוויליגען, וויל איך פערמאָג אָר ניט. מענשען זיינען געצנאָרט אין חשבון, מען שאצט מיר, אז איך האב געלד, נאר איך בין אָרעם. פון וואָס וועט איהר לעבען?

— שפּינאָזא קען ווערען א פּראָפעסאָר פון מאטהעמאטיק און פילאָזאָפי אין יעדען אוניווערזיטעט.

— דאס וועט אזוי גיך ניט ווערען, דיא אידען האסען איהם, און אלע גאָט־סטראַפּצעס פון אלע רעליגיאָנען געבען זיך איינער דעם צווייטען דיא האנד, ווען מען דארף אבראמען פון וועג א געמיינשאפטליכען פיינד. איך וויל ניט צוגלייכען שפּינאָזא'ן צו קערקערינג, ער שטעהט אזוי הויך איבער איהם, וויא טאג איבער נאַכט, נאר דוא ביזט שטאָלץ, ליעבסט לוקסוס, וועסטו קענען אריבערטראָגען אָרימקייט? און וויא דוא ווייסט, ווערט ליעבע פערשוואונדען דאָרט, וואו אָרים־קייט נעסטעט זיך איין.

וואָן דען ענדע איז אנשוויגען געוואָרען, אָלימפּיא האט שטיל געוויינט פּלוצים האבען דיא שעהנע פּערלען צונעצווינגען איהרע אויגען. זיא האט זיך אנגעהויבען לאַנגזאם מיט זיי צו שפּיעלען, איהר געזיכט איז ביסלעכווייז געוואָרען ליכטיגער און ליכטיגער, ענדליך האָט זיא אויפגעהערט צו וויינען און געפרעגט:

— קען איך אויפשטעהן פון בעט?

— נעוויס, האט דער פאָטער געענטפערט, און ביים ארויסגעהן האט אויף זיינע ליפּען געשפּיעלט א שפּעטישער שמייכעל.

אָלימפּיא האָט זיך אָנגעטהאָן.

— יא, איך ליעב שפּינאָזא, האט זיא געזאָגט צו זיך, נעהמענדיג דעם שנור פּערלען און צוגעהענדיג צום שפּיעגעל. נאר ווען איך וואָלט חתונה געהאט מיט שפּינאָזא, וואָלט מען געזאָגט, אז איך האָב קיין אַנדער מאן ניט געקענט קריגען, אויסער דעם, איז דאס פאר איהם אויך ניט קיין גליק, דיא וויסענשאפט איז זיין געטטין, און דערמיט וואס איך זאָג זיך אָב, מאך איך איהם פריי.

זיא האָט אָנגעטהאָן דעם שנור פּערל און האט זיך באלד אין גאַנצען פערגעסען, איהר פאָטער איז אריינגעקומען האט איהר אריינגעפיהרט אין צווייטען צימער און געזאָגט צו קערקערינג:

— מיין ליעבער זוהן, דאָ ברענג איך דיר דיין כלה.

קערקערינג האָט איהר אָנגעטהאָן א ברילליאַנטענעם רינג, זאגענדיג, אז איצט איז זיא זיינע אויף אויביג און האָט איהר קוס געטהאָן.

דעם זעלבען אָבענד איז געזעסען קערקערינג נעבען אָלימפּיא און האט איהר פאַרגעשטעלט דיא גליקען, וואס ערוואַרטען איהר אלס זיין ווייב, און האט איהר דאָביי געהאַלטען ארומגענומען, דיא טהיר האָט זיך געעפענט, און שפּינאָזא איז אריינגעקומען מיט א פייערליכען און ערנסטען געזיכט. אָלימפּיא האט זיך אויסגעריסען פון קערקערינג'ס הענד, איז אויפגעשפּרונגען און נאך א מינוט פערלעגענהייט, האט זיא זיך געפאסט און איז איהם געגאַנגען ענטגעגען.

— איך וויים, איהר האָט פיינד אויפגערעגטע סצענען, אזוי וויא איך אַליין האָב זיי פיינד, איך האָב פון מיין פאָטער און קערקערינג גאָר ניט בעהאַלטען. מיר האָבען זיך געליעבט, געדענקט איהר יענע שטונדע, ווען איהר האט מיר בעשוואָרען צו פערגעסען, וואס מיר זיינען געוועזן און וואָס מיר וועלען זיין? איצט איז דיא צייט געקומען, הערר קערקערינג איז......מיין ברויטיגאם.

זיא איז ביי דיא ווערטער אזוי שוואך געוואָרען, אז זיא האט זיך געמוזט

אָנשפּארען און אָרנעל. שפּינאָזא איז נעשטאנען, וויא צונעשמידט און האט איהר אננעקוקט מיט פערגליווערטע אויגען,

— איך בעט אייך, האָט אָלימפּיא ווידער נעזאָגט, נעהמט ביי מיר ניט אוועק אייער פריינדשאפט.

— איך ווינש, אז הערר קערקערינג זאָל אייך פערשאפען דאס גליק, וואס איך האָב אייך אין גליקליכערע שטונדען נעהאָפט צו געבען.

זיין שטימע איז נעוועזן הייזעריגלאך, אבער רוהיג.

ער איז דאָרטען נאך פערבליבען א לאנגע צייט, און האָט מיט זיי נערעדט גלייכגילטיג פון פערשיעדענע זאכען. אָלדענבורג איז אויך אָנגעקומען און ווען ער האָט אויסגעפונען, וואס דאָ איז פּאָרגעקומען האט ער צום ערסטען מאָל א קוס נעטהאָן שפּינאָזא.



דיא רבנים האבען זיך ניט בעניגענט מיט'ן חרם אליין און זיי האָבען פער־מסר'ט שפינאָזא'ן אלס א גאָטלעסטערער פאר'ן מאגיסטראט און נעפאָדערט, אז מען זאָל איהם ארויסשיקען פון אמסטערדאם. זיינע פריינד האָבען איהם נעראַ־טהען, ער זאָל אוועק פון אסטערדאם, אָלדענבורג האָט איהם ווייטער נעבעטען, ער זאָל פאהרען מיט איהם נאך ענגלאנד, אבער זעהענדיג, אז זיינע רייד זיינען אומזיסט, האט ער אלס נעזאנדטער אויסגעפיהרט, אז מען זאל שפּינאָזא לאָזען צורוה מיט דיא פערפאָלגוננען. באלד נאָכדעם האט אָלדענבורג פערלאָזען אמסטערדאם און ברוך האט פערלאָרען זיין בעסטען פריינד.

דעם זעלבען טאָג האט ער נעהאט נאך א פערדרוס, טיעף איינגעהילט אין מאַנטעל איז צו איהם דע סילוואַ ארויפגעקומען אין אבענד, און אָהן א שום בע־גריסונג, האט ער גלייך אָנגעהויבען:

— ניט דער איד קומט צו דיר, ער קען דיך מעהר ניט, דער דאָקטאָר שטעהט פאר דיר, זיין בערוף איז יעדען צו העלפען, יעדען צו ראטהען, און ניט פרעגען, ווער ער איז. דיין הארץ וועט קראנק זיין אזוי לאנג, וויא דוא וועסט בלייבען דאָ; קיין מענש קען ניט פערטראָגען, ארומצוּוואַנדלען וויא א מת ארום יענע, צווישען וועלכע ער האט א מאָל נעלעבט. איך וויים עס, אז דוא טהוסט עס ניט פאר צו להכעים כאָטשע זיי מיינען אזוי. נאך איינס, אפרים קארדאסא האט עמיגרירט מיט א גאנצע געזעלשאפט נאך בראזיליען; **חסדי האט אויך**

געוואָלט מיט זיי מיטפאָהרען, נאר זיי האָבען איהם פערשטויסען, קיינער וויל מיט איהם קיין מגע ומשא ניט האָבען. מען אנטלויפט פון איהם, וויא פון א פעסט. קיינער וויל איהם ניט פערצייהען, וואס ער איז אויף אזא אופן געוואָרען דיין מסור.

— אבער איך בין איהם מוחל, האָט שפּינאָזא געענטפערט.

— דאס וועט איהם ניט העלפען און ניט דיר, איך האָב מורא, אז ער טראכט דיר עפּעס צו טהאָן. זיי פּאָרזיכטיג, איך טהוע עס אויס ליעבע צו דיר, איך האָב פריהער געזאָגט ניט ריכטיג, איך בין צו דיר געקומען אלס איד, דוא האָסט אין שוהל פון אונזער אמונה ניט געשפּעט, דוא האָסט פאר'ן סנהדרין גע־רעדט, וויא עס פאסט פאר א דענקער, און א איד רופט צו דיר: בלייב געדעכט געגען אונז, וויא דוא האָלסט זיך געגען אנדערע. דוא ביזט א סך פרימער, וויא דוא דענקסט אליין. אבוואָהל דוא האָסט דיא שוהל אויף אויביג פערלאָזען, דאָך קומט דיר ארויף אויפ'ן זכרון דער שטענדער, נעבען וועלכען דיין פאָטער איז א מאָל געשטאנען און געבעו איהם זעהסטו א פרום קינד, וואס בעט מיט הארץ—דאס קינד ביזטו — אליין געוועזן, פערגעס עס ניט. און זיי וויסען אז מיט טרויער אין הארצען זעהט א איד צו, וויא דוא געהסט דיין איינזאַמען וועג. זיי געזונד!

שפּינאָזא האָט איהם אויסגעשטרעקט זיין האנד און דע סילוואָ האט איהר געשווינד אָנגענומען מיט זיינע, וואָס איז געוועזן איינגעוויקעלט אין מאַנטעל, און איז געשווינד ארויס.

באַלד נאָכדעם, האט זיך שפּינאָזא דערוואוסט, אז דאָקטאָר וואן דען ענדע איז הינגעריכטעט געוואָרען אין פּאריז. פאר וואָס ער האָט אנטהייל גענומען אין א פערשווערונג געגען לודוויג דעם XIV. שפּינאָזא'ן האָט זעהר לייד געטהאָן, וואָס ער האט דיא גאנצע צייט געדעכענט זיין לעהרער פאר א לייכטזיניגען. ער איז געגאנגען צו אָלימפּיא צו זאָגען איהר עטליכע טרייסט־ווערטער, נאר דאס הויז איז געוועזן ליידיג און א שכן האט איהם געזאגט, אז זיא איז אוועקגעפאָהרען מיט איהר מאן נאך האמבורג. אויפ'ן וועג צוריק, ווען ער איז דורכגעגאנגען א פינסטע־רע גאס ניט ווייט פון א קירכע, איז פון אונטען עמיצער צו איהם צוגעלאָפען, האט איהם ארייגעזעצט א דאָלך מיט דיא ווערטער:

— דער עזעל האט הערנער!

דער דאָלך האט נאָר דורכגעשטאָכען זיין מאנטעל, דאך ווען ער איז גע־קומען אהיים, איז ער ארייגעפאלען אין א שטארקער קראנקהייט, עס האט איהם

פון דאס נייע אָנגעהויבען צו נעהן בלוט פון האַלז און ער איז אָבגעלעגען מאָנאַטען לאַנג, און נאר מייער'ס פריינדשאַפט און איבערגעגעבענהייט האט איהם געראַ־טעוועט דאָס לעבען. ער האט קיין מאָל ניט אויסגעפונען, אז חסדי האט זיך דיא זעלבע נאכט גענומען דאס לעבען דורך דערטרינקען זיך און איז בעגראָבען גע־וואָרען וויא א זעלבסט־מערדער. שפּינאָזא האט אויף איהם ניט געוואָלט ארויפ־ווארפען א חשד און האט דאריבער אויף איהם ניט געפרעגט. דעם מאנטעל האָט ער בעהאַלטען אלס א זכרון.

# עפּילאָג.

אין 1660 איז שפּינאָזא אריבערגעפאָהרען רהיינסבורג נעבען לעידען. דא האט ער אָנגעשריבען זיין ערסטע ווערק: דיא פּרינציפּען פון דעקארט'ס פילאָזאָפי. גע־דרוקט האָט ער עס אין אמסטערדאם אין 1663. אין 1664 איז ער אריבערגע־פאָהרען קיין וואורבורג, ניט ווייט פון האאג און איז דאָרטען פערבליבען פינף יאָהר. פון דאָרט איז ער אריבער נאך האאג, וואו ער איז פערבליבען ביז'ן טוידט. אי 1670 האט ער ארויסגעגעבען זיין בעריהמטע ווערק: טהעאָלאָגיש־פּאָליטישער טראקטאט (Tractatus Theologies-Politicus) דאס ווערק האט געמאכט א געוואַלדיגען רעש. טהעאָלאָגען האבען אויסגעפיהרט, אז מען זאָל דאס בוך פערבאָטען, נאָר ניט קוקענדיג אויף דעם, האט מען אין 1673 דאס ווערק צוויי מאָל איבערגעדרוקט אונטער אנדערע נעמען אין 1674 האט מען דאס בוך ווידער איבערגעדרוקט, ניט אנגעבענדיג דעם פּלאץ, וואו עס איז געדרוקט געוואָרען, אין 1678 האט מען שוין דאס ווערק איבערגעזעצט אין פראנצויזיש און עס האט זיך אָנגעהויבען א געוואלד, אז מען האָט עס ניט ריכטיג איבערזעצט, דיזע געלעהרטע ארבייט האָט פאר שפּינאָזא געוואונען דעם נאָמען: „דער פאָטער פון ביבלישער קריטיק.“ צום ווערק: „דיא פּרינציפּען פון דעקארט'ס־פילאָזאָפי“ האט דאָקטאָר מייער געשרי־בען א פאָררעדע. אין 1673 האט דער עלעקטאָר פּרינץ קארל לואיס פאָרגעשלאָ־גען שפּינאָזא דיא פּראָפעסאָר שטעלע פון פילאָזאָפי אין היידעלבורגער אוניווערזיטעט, נאָר ער האָט זיך דערפון אָבגעזאָגט, אין דער צייט איז ער שוין געווען בעפריינדעט דורך אָלדענבורג מיט דיא גרעסטע וויסענשאפטליכע מענער פון אייראָפּא. פיעלע

רייכע לייט וואָס האָבען זיך מיט איהם בעפריינדעט, האבען איהם אָנגעבאָטען גרויסע סומען געלד, ער זאָל קענען אונגעשטערט לערנען, נאָר ער האט זיך דער־פון אָבגעזאָגט אונטער דעם אויסרייד, אז געלד וועט איהם שטעהן איז וועג, און האָט זיין חיונה געצויגען פון דיא אָפטישע גלעזלאך.

דיא „עטהיק" האט שפינאָזא אָנגעשריבען א סך פריהער פאר זיין טוידט, נאָר צוליעב פיעלע אורזאכען, פון וועלכע ער האָט געשריבען צו אָלדענבורג, איז דאס ווערק ניט ערשיענען פאר זיין לעבען. זיין געזונד איז געוואָרען אלץ ישוואכער און שוואכער און דעם 21טען פעברואר 1677 איז ער געשטאָרבען.

איצט שטעהט שוין אין האאג א גרויסארטיגער מאָנומענט, וואס מען האָט שפינאָזא'ן געשטעלט צו זיין צוויי הונדערט יאהריגען געבורטסטאג, געלעהרטע פון דער גאנצער וועלט האבען אין דעם אנטהייל גענומען, צווישען אנדערע האבען זיך געפונען: הערבערט ספענסער, מאקס מילער, טינדאל און האָקסל.

גלייך נאך זיין טוידט האט דער ווירטה, ביי וועמען שפינאָזא האט געוואוינט, ערפילט זיין לעצטען ווילען און האט פער'חתמ'עט זיין שרייב־טיש, וואו עס האבען זיך געפונען אלע זיינע כתבים, און האט עס אָבגעשיקט צו זיין דרוקער אין אמסטערדאם. דאָרטען זיינען אלע כתבים אָבגעדרוקט געוואָרען אין איין בוך, אין דעם יאהר 1677 אונטער דיא לייטונג פון זיין גוטען פריינד דאקטאר מייער.

מיט א הונדערט יאהר שפעטער האבען זיך מיט דיא לעהרען פון זיינע עטהיקס בעשעפטיגט לעססינג, יאקאָבי, הערדער, געטהע, פיכטע, שעלינג, שילער, שלייערמאכער, הענעל, פייערבאך, אויערבאך, און נאך א גאנצע מחנה פילאָזאָפען. ראָמאניסטען דיכטער און האבען דורך זייער שרייבען פערשפרייט זיינע לעהרען.

אונזערע אידען האבען אויך מיט זייער מיינונג געביטען וועגען איהם און ניט לאנג האט מען שוין געשריבען וועגען שפינאָזא: ברוך אמת ותורתו אמת.

נאָר איין רוים האלט זיינע ווערק אין חרם און קיין פרומער קאטולישער טאָר זיי אין דיא הענד ניט האלטען.

**ענדע**

# ברוך שפינאזא

אדער

## ~ דער דיאמאנטען שלייפער. ~

---

איז דער טיטעל פון א דראמא אין 4 אקטען וואס ב. גארין האט אנגעשריבען
פאר דער אידישער ביהנע און איז קאפירייטעד אין וואשינגטאן
דעם 15טען אקטאבער 1898.

---

דיעזען ווינטער ווירד ערשיינען פאן אונזער פערלאג

# דיא אידישע קרבנות.

א זעלטענעס ווערק געשריעבען פון דעם גרויסען רוסישען שריפטשטעלער מאר־
דאווצעוו אין „וואסכאד“, צוליעב דיעזעס ווערק האט דער רוססישער צענזור גע־
סטאפט דעם וואסכאד אויף 8 מאנאטען. דער ארגינא פון דיעזעס ווערק
איז ערשיענען אין דער שווייץ, דער פערפאסער בעשרייבט דארטען
דיא אידישע צרות און עלענד וויא מען האט אהן רחמנות גע־
הרג'עט, געברענט, געשניטען און געטראטען מיט דיא פיס
אונשולדיגע מענער, פרויען און קינדער. דיעזע שרעקליכע
סצענען און ווילדע רויבערייען קענען א שטיין ריהרען.
מיר האבען דיעזעס ווערק ארויס גגעבען אין
זשארגאן, בעארבייטעט פון

## ב. גארין.

דער פרייז פון דיעזעס ווערק וועט שפעטער אנאנסירט ווערדען.

# דיא טאקסע

## אדער דיא באנדע שטאדט בעלי טובות

## פון מענדעלע מוכר ספרים

„דיא טאקסע“ איז דיא גרעסטע ווערק פון שלום יעקב אבראמאָוויטץ אדער מענדעלע מוכר ספרים דער גרעסטער אידישער קלאַססיקער.

„דיא טאקסע“ שטעלט פאָר בילדער וועלכע זיינען גענומען פון דעם גרעסטען אידישען שרייבער פון דער וועלט אין דער צייט ווען אידען האבען זיך אָהן א טאקסע ניכט געקענט בעגעהן און געמוזט האבען א באַנדע שטאָדט בעלי טובות, רעדעל־פיהרער נאטטס גנבים, בעלי־דעות וועלכע האבען געשונדען דיא בלודנע שאָף.

„דיא טאקסע“ אבוואהל עס איז געשריעבען יאהרענלאַנג צוריק איז אויך היינט א מייסטערהאַפטע קריטיק איבער דעם גאַנצען אידישען צושטאַנד. איבעראַל וואו אידען געפינען זיך זיינען אויך דאָ א באַנדע שטאדט בעלי־טובות, נור אין אנדערע פלעצער גיבען זייא זיך אן אנדער נאמען אָנשטאט שטאדט בעלי־טובות רופען זיי זיך פרעזידענטען, וויים־פרעזידענטען, טרעזשורערס, בשר כשר משגיחים, אגודות הקהלות, כולל׳ניקעס א.ז.וו.

„דיא טאקסע“ איז דיא גרעסטע און בעסטע קריטיק פיר דיא באנדע בעלי־טובות פיר אלע אידען אין אמעריקא דער בעריהמטער זשעניאלער שלום יעקב אבראמאוויטץ אדער מענדעלע מוכר ספרים האט ניט נור געמיינט דיא שטאדט גלופסק (דעם ארט וואו עס שפיעלט זיך אָפּ דיא געשיכטע) זאָנדערן אלע שטעדט וואו עס געפינען זיך אידען און וואו יעקב׳ס איינִיקלעך האבען זיך געבויט א נעסט.

„דיא טאקסע“ איז א בוך וואס איז געוועזען א זעלטענהייט צוא בעקומען און מען האט געצאהלט 10 דאללאר בלויז פיר 1 עקזעמפליאר, יעצט האבען מיר עס איבערגעדרוקט פינקטליך פון ארגינאל אונד מיר פערקויפען עס צו א פאָפולערען פרייז זאָ דאס יעדער איינער וועט אימשטאַנדע זיין עס צו קויפען און לעזען.

צו לויבען דיעזעס ווערק „דיא טאקסע“ איז איבעריג וויל דער אידישער לעזער האט שוין גענוג געהערט אדער געלעזען פון דיא גילדערנע פעדער פון שלום יעקב אבראמאוויטץ און ווייס אז „דיא טאקסע“ איז אהנע צווייפעל א קלאַססישעס ווערק.

## דער פרייז פיר דאס גאנצע ווערק בלויז 15 ס.

מיט פארטא 18 סענט.

פערלאג פון **יהודא קאצענעלענבאגען,**

66 קאנאל סט. ניו יארק

# דיא קאמעליענדאמע

א העכסט אינטערעסאנטער ראמאן פון

## אלכסנדר דיומא (זוהן)

„דיא קאמעליענדאמע" איז איבערזעצט אין אללע מאָדערנע שפראכען,
דאס איז א ראָמאן וועלכער האט איבערראשט דיא וועלט

אין דיעזען העכסט אינטערעסאנטען ראָמאן

——) דיא קאמעליענדאמע (——

האט דער פּערפאסער אלכסנדר דיומא געשילדערט דאס לעבען פון אן אויסגעלאַ־סענער פרויא, און מערקווירדיג, ווען מען לעזט דיעזען ראָמאן פיהלט מען אן אונגע־ווענליכע סימפּאַטהיע צו איהר. אין דעם ראָמאן דיא קאמעליענדאמע איז געשילדערט

## דער פּאריזער אויסגעלאסענער לעבען

אויסגעלאַכענע פרויען, פערדאָרבענע באַראָנען, פערשווענדערישע גראפען און לאָרדען זיהן פון רייכע לייט, אויסווירפע פאן דער יעצטיגער געזעלשאפט, דיא נידריגסטע עלעמענטען פאן דער מענשהייט דיא העכסטע ליידענשאפט.

איבערהויפּט דיא העלדין פאן דיעזען ראָמאן „דיא קאמעליענדאמע" שפּיעלט איין העכסט אינטערעסאנטע, ריהרענדע ראָלע, אין דיעזען ראָמאן קומען פאָר אזעלכע טרויעריגע סצענען וועלכע קענען א שטיין ריהרען, וועלכע דרינגען אריין טיעף אין דעם מענשענס הערצען. אזעלכע איבערראשענדע סענסאציאָנען וועלכע איהר האט נאָך אין קיין ראָמאן נישט געטראָפען.

קויפט און לעזט דיעזען העכסט אינטערעסאנטען ראמאן „דיא קאמעליענדאמע"

דער פּרייז פיר דאס גאנצע ווערק פיין בראשירט

**בלויז 30 סענט.**

פערלאַג פאן

**J. KATZENELENBOGEN 66 CANAL STREET.**

# פון חופה צום קבר

אָדער

# מאָדערנע חתונות און קבורות

## פון עמיל זאָלא

איבערזעצט און זשאַרגאָן פון ב. נ א ר י ן.

**פון חופה צום קבר** איז א ווערק וואָס וועט אינטערעסירען יעדען לעזער ווייל אין דאס ווערק פון „חופה צום קבר“ שפּיעגעלט זיך אָפּ דיא וועלט שטאדט פּאַריז אין איהרע ריכטיגע פאַרבען דיא דונקעלסטע פלעצער וויא אויך דיא רייכסטע סאלאָנען וואו דיא שטאָלצע אריסטאָקראַטען מיט זייער גאַנצער פערדאָרבענהײט טהוען אָפּ דיא שענדליכסטע געוואַלד טהאַטען. „פון חופה צום קבר“ איז א ווערק וואס איז געשריעבען פון דעם גרעסטען רעאַליסטישען שרייבער,—עמיל זאָלאַ.

**עמיל זאלא** איז דער גרעסטער שריפטשטעלער פון אונזער צייט. עמיל זאָלאַ האט אין דיעזעס ווערק „פון חופה צום קבר“ ענטדעקט אָפען פאַר דער וועלט דיא גרעסטע געמיינהײטען דיא שרעקליכסטע נידערטרעכטיגקייטען פון דעם פאַריזער אַריסטאָקראַ־טישען לעבען. עמיל זאָלאַ איז א מאַן וואס שעהמט זיך ניכט צוא זאָגען דעם אמת אין דיא אויגען און האט דאַרום אין זיין ווערק „פון חופה צום קבר“ געשילדערט מיט נאַטור טרייע פאַרבען, אללעס וואס ער האט געפונען פאַר נעטהיג, ער האט ניט גע־שוינט קיינעם פון דעם קלענסטען ביז דעם גרעסטען.

**ב. נארין** דער איבערזעצער פון דיזעס ווערק איז געוויס דער בעסטער אין דיזען פאך. ב. גאָרין איז אַנערקענט ביי דעם אינטעלליגענטען אידישען לעזע פובליקום אלס דער בעסטער אידישער רעאַליסטישער שריפטשטעלער, און דאַרום האבען מיר זיך דיא מיהע גענעבען און קיין געלד געשפּאַרט אז דאס ווערק „פון חופה צום קבר“ זאל איבער־זעצט ווערען ריכטיג נאך דעם אָריגינאַל אין א שעהנע אידישע שפּראַכע פון דעם בעריהמטען ליטעראַט ב. גאָרין.

**דאס ווערק „פון חופה צום קבר“ זעהר שעהן געדרוקט עלעגאנט בראָשירט ענטהאלט אויך עמיל זאָלאַ'ס בילד**

# דאס גאנצע ווערק קאסט בלויז 10 סענט.

## אין קאנטרי 12 סענט.

## פערלאג פון יהודא קאצענעלענבאגען,

**ניו־יארק**

# נאנא פון עמיל זאלא

בעארבייטעט אין זשארגאָן פון ב. גארין.

**נאנא** איז איבערזעצט אין אלע מאָדערנע שפּראַכען און דאָך קענט איהר עס זעהר זעלטען בעקומען אין אירגענד וועלכע שפּראַך.

## ווארום איז נאנא פערבאטען געווארען?

ווייל עמיל זאָלא וועלכער מאכט מיט זיין פעדער דיא וועלט ציטטערן האָט אין קיינע פון זיינע ווערקע אזוי שטארק ניט אָנגעגריפען דיא פערדאָרבענהייט און גע-זונקענהייט פון פראנקרייכס אריסטאָקראטיע, וויא אין זיין בעריהמטע ווערק




דער אונשטערבליכער גרויסער קינסטלער און מענשענקעננער עמיל זאָלא, וועלכער האָט איינגעשטעלט זיין לעבען, עהרע און פרייהייט אין דער דרייפוס אפערע, — זאָלא, וועלכער שעהמט זיך ניט צו זאָגען דעם אמת אָפען פאר דער גאנצער וועלט האָט אין זיין פיעלבעריהמטען בוך „נאנא“ אָבגעשילדערט דיא פערפוילטקייט פון דעם פאריזער לעבען אין אזעלכע שרעקליכע פארבען אז דיא גאנצע וועלט האט זיך אבגעשראָקען.

## ווען „נאנא“ איז ערשיענען

האָט עס אין פאריז און אין גאנץ פראנקרייך געקאָכט וויא אין א קעסעל, דיא שרעקליכע בילדער, סצענען און נאטור טרייע שילדערונגען האָבען אויפגערודערט דעם גאנצען פראנצויזישען פובליקום. וואו מען איז געשטאנען און וואָס מען האט גערעדט איז „נאנא“ געוועזן דער הויפט פונקט פון געשפּרעך.

## „ווער איז נאנא“?

**נאנא** דיא הויפט העלדין פון דיזען ראָמאן איז א געפאלענעם פרויענצימער וועלכע מאכט דורך אלע שטופען פון אן אויסגעלאסענעם לעבען אָנגע-פאנגען פון אן איינפאכער שטראסען מיידעל ביז א בלענדענדע וועלט דאמע, גע-קליידעט אין זיידענס, געפוצט אין דיאמאנטען און ברילליאנטען. אלע פאלען צו איהרע פיס. פירסטען, פרינצען, גראפען, באנקיערען, הויך און נידריג, אלט און יונג, גרויס און קליין, אלעס וואס קומט מיט איהר אין בעריהרונג.

## נאנא׳ס בילד

מיר האָבען קיין געלד געשפּאָרט און זיך דיא מיהע געגעבען צו בעקומען נאנא׳ס בילד וועלכעס איז געצייכענט פון איינעם פון דיא גרעסטע קינסטלער אין דער וועלט. און מיר האָבען דאָס געגעבען אויף׳ן טיטעלבלאט.

**דער פרייז פון דאס גאנצע ווערק איז בלויז 35 ס. מיט פארטא 40 ס.**

צו בעקומען אין אלע בוכהאנדלונגען און צייטונגס סטענדס וויא אויך ביי

**יהודא קאצענעלענבאגען, 66 קאנאל סטריט, ניו יארק.**

# דיא פליה מאשין

פון זשול ווערן.

בעארבייטעט

# פון א. טאנענבוים.

„דיא פליה מאשין" איז א וואהרע געשיכטע וואס האט פאסירט מיט א פילאדעלפיער קלוב וויא איינער א געוויסער ראבור האט אין א פינסטערע נאכט געפאנגען דעם פרעזידענט און סעקרעטער פון יענעם קלאב און האט זייא אריינגע־ווארפען אין א פליה מאשין און האט געגען זייער ווילען מיט זיי געמאכט א רייזע ארום דער וועלט אויף זיין פליה מאשין.

לעזענדיג דיזע וויסענשאפטליכע ערצעהלונג „דיא פליה מאשין" דוכט זיך אייך אוים אז איהר זיצט אין א פליה מאשין 2000 פוס הויך און בעטראכט דיא גאנצע וועלט פון דער הויך. מיט דער פליה מאשין פליהט איהר דורך גאנץ אמעריקא, אייראפא, אזיע, אפריקא און אויסטראליא און איהר בעאבאכטעט אלעס וואס איז ווערטה צו זעהן, ווערטה צו וויסען, ווערטה צו שטודירען און ווערטה צו געדיינקען.

אין דאס ווערק „דיא פליה מאשין" האט דער פערפאסער בעשריעבען דיא גאנצע וועלט מיט אלע איהרע אינטערעסאנטע און זאנדערבארע זאכען.

„דיא פליה מאשין" איז א וויסענשאפטליכעס ווערק נור אום עס זאל זיין אנגענעהם פאר'ן לעזער איז עס דארום פערוויקעלט אין א זעלטענע אינטערע־סאנטע ערצעהלונג און אז איהר פאנגט עס אן צו לעזען יאגט עס אייך אלץ וויי־טער מיט דער קראפט פון דער פליה מאשין אז איהר קענט זיך נישט אבררייסען ביז צו ענדע.

א טאנענבוים האט זיך דיא גרעסטע מיהע געגעבען דיזע בעלעהרענדע ערצעהלונג צו מאכען פיר דעם אידישען לעזער שפאנענד און אנציהענד, דיא גלאַ־טע עלעגאנטע אידישע שפראכע פון א. טאנענבוים דארף מעהר קיין הסכמה. וועלכער זשארגאָן לעזער איז ניט בעקאנט מיט זיין גלענצענדע פעדער?

ווען איהר האט דורכגעלעזען „דיא פליה מאשין" איז אייער גייסט רייכער געווארען אין וויסענשאפט, איהר זיים בעקאנט געווארען מיט פיעלע געהיימניסע דער נאטור און זייט געוואר געווארען אזעלכע זאכען וועלכע איהר האט קיין מאל ניט געהערט.

**דאס גאנצע ווערק קאסט בלויז 10 סענט, אין קאנטרי 12 סענט.**

פערלאג פון **יהודא קאצענעלענבאגען,**

66 קאנאל סט. ניויארק.

